פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

№ 12 — עלפטער יאָרגאנג — 1935 דעקאבער

מ. דארצמאן

# לידער

## דער הערשער פון אונדזער געפיל

כ׳ דערמאָן זיך, און טרויעריק־גליקלעך
הויבט אופ אין מײַן הארצ זיך א שפיל,
אין ווײַסינקע וויקעלעך ליגט נאָך
דער הערשער פון אונדזער געפיל.

ער וועט א זונג געבנ זוניק
אזוי ווי אנ אייביקער בוים,
קינד מײַנס, דו מענטש פון דער צוקונפט
דו ביסט מײַנ איינציקער טרוים.

דו וועסט פונ טרויער ניט הערנ
און פונ א בלוטיק געפעכט,
דאנ וועט א גאָרטנ שוינ ווערנ
אונדזער באזויבערטע ערד.

און אפ דיביימער וועט הענגענ
דײַנ פידל—די שפיל פונ מײַנ ברוסט
און ס׳וועלנ די סטרונעס דיר ברענגענ
אזא ליכט, וואָס דו האָסט ניט געוווּסט.

די שטראלנ פונ זונ וועסטו נעמענ
פאר סטרונעס אינ פידל צו דיר
און ס׳וועלנ די קלאנגענ דאנ שטראָמענ
אונטער דײַנ צארטנ באריר.

און פלעצער און פענצטער און טירנ
עפענענ וועלנ זיך ברייט,
און עס וועלנ די מענטשנ דערשפירנ
די העכסטע די גליקלעכסטע פרייד.

און באַדויערן וועלן זיי אַלע,
וואָס מיר הערן מער ניט דײַן שפּיל
אין וויקעלעך לייגט דיך דײַן מאַמע,
דעם הערשער פון אונדזער געפיל.

## אַקאַציע

גיי איך צו צו דער אַקאַציע,
ווער איך מילד אַזוי, —
און איך נעם אַרום זי שטאַרקער
פון אַ צאַרטער פרוי.

און איך האַלט זי ווייכער, ווייכער
מילד ווערט מײַן געמיט
ענטפערט זי מיר מיט אַ שמייכל
פון איר ווײַסן בליק.

נעמען ווײַסע בליקן פליִען
אויף מײַן קאָפּ ווי שוים
הויב איך אָן אַליין צו בליִען
און איך ווער אַ בוים.

מײַנע הענט זיי ווערן צווײַגן
אַזוי לײַכט און גרינג,
שטעלט זיך אָפּ אויף זיי אַ פויגל,
ליבער פויגל זינג.

זאָלן רינען טרעלן ריינע
אין דעם רייכן רוים,
אַלע מענטשן זאָלן לייענען,
דאָס זינג איך — דער בוים.

* * *

יעדער פרי שטיי איך אויף
קוקט דער הימל אַרײַן,
שווימען וואָלקנס צום אויג
אין אַ בלויִלעכער שײַן.

איינע וואָלקן איז ראָז
און דער צווייטער ווי שניי
און מײַן געפיל
פליט איינעם מיט זיי.

נאָך מײַן געפיל
פליט נאָך מײַן געדאנק
ווען איך דערלאנג
ווען איך דערלאנג.

באשטראלט איז דער הימל
א הײַטל א העלס,
ען ליגן די וואָלקנס
א פעלדז אפ א פעלדז.

א שוואלב האָט געוואָלט
דערגרייכן די זון,
וואָס העכער זי פליט
הייבט זיך העכער די זון.

מיר האָבן געמאכט זיך
פליגלען אליין
ווייסן נאָר שטערן
דערוויַיל ניט דערפון.

א שוואלב האָט געוואָלט
דערגרייכן די זון,
אומשטערבלעך איז זי
ווען זי פליט, ווען זי פליט.

מיר האָבן געמאכט זיך
פליגלען אליין
זײַנען מיר מער
צו דער ערד ניט פארשמידט.

א שוואלב האָט געוואָלט
דערגרייכן די זון,
אָפגעברענט האָט זי
די פליגעלעך שווארץ.

אז מיר האָבן פליגלען
געמאכט זיך אליין
האָט צו די הימלען
דערגרייכט אונדזער הארץ.

ה. שוועדיק

# גוטמאָרגן, ברידער מײַנע...

בילדער קומען אָן צו מיר באַנאַכט פון דרויסן שוואַרצן.
כ'בין וואַך. די הײַסע ווענט אַרום—זײַנען עקראַנען.
און בילדער ניט געזעענע, נאָר דורכגעטראָגענע בײַ מיר אין האַרצן
בליצן דורך אין צימער שנעל, ווי יאָגנדיקע באַנען...

אָט איז די הויפּט־גאַס פון בערלין. עס שטייט אַ ייִנגל דאַרט אַ בלאַסער,
עס בויגט אַראָפּ זײַן קליינע האַנט אַ שווערע קויש, פאַרפולט מיט בלומען.
וווהין זאָל ער אַהינטאָן זיך אין די בערלינער גאַסן,
אַ האַרבאָטער, אַ פאַרשטויסענער, צו וועמען זאָל ער קומען?..

„בלומען, בלומען קויפט" (מײַן מאַזל איז, ווי איך האָרעווע)
דערנעבן ווײַנט אַ סמיק. עס שפּילט אַן אַרבעטלאָזער פידלער.
בײַ בײדן איז אַצינד איין טרוים—עס ווילט זיך עפּעס צו זאַט זײַן,
נאָר ס'וויעט פון די ראַדיאָס דורך נאַכט דער קעניג פון די זאַטע,—היטלער...

דער פילם שווינדט.
אַ באָמבע פלאַצט אין אַביסיניע.
ס'טראָגט אַוועק אין הויך אַ מויער.
מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום הימל שטייען אַלטע מענער.
„אָ, ווײַז אַ וווּנדער גאָט, און זאָלן אויפבליצן פון ראַנד ביז ראַנד די הימלען בלויע
און זאָל אַ רעגן פלייצן,
זאָל אַ האָגל שלאָגן איבער קעפּ פון איטאַליענער..."

עס בײַטן זיך די בילדער שנעל, ווי שנעל פון וואַנט־זייגער עס טריפן רעגעס.
אַ סאָלדאַט אַן אַביסינער נעמט די שווערד אַרויס פון שייד.
פון איין זײַט מוסאָליני קוקט, פון צווייטער זײַט פון שווערד דער נעגוס,
און ס'שפּיגלט זיך אויף גלאַטער שאַרף דער אָוונט־הימל רויט...

דער פילם בליצט.
און אָט—אין ליכט פון די עקראַנען
אמור די וואסערן די ברייטע טרײַבט.
אפ יענער זײַט אמור, ניט ווײַט פון ערד בירעבידזשאַנער
א רויטארמייער—א כינעזער שטאַרבט.

פאַרנאַכט. אפ ברייטער פלאַך פונעם אמור
אין גרויסע רעגנבויגנס כוואַליען זיך די פאַרבן.
צום ערשטן מאָל, דאַכט זיך אים, זעט ער הײַנט די פאַרביקײַט אַרום,
ביז טרערן ווילט זיך ניט אין אזא אָוונט שטאַרבן...

און אָט—עס האָבן מענעריש צעוויינט זיך לאַנגע קופּער-טרויבן,
און אין פלייט אן אלטע מאַמע האָט באַקלאָגט איר זון,
נאָר ווען אין פלאַקער פון פאַרגאַנג האָט מען זײַן קערפּער אופגעהויבן
איז עס געווען, ווי מע וואָלט אופהויבן א פאָן אנטקעגן זון.

מײַן צימער ווערט פאַרפולט מיט פײַערלעכע קלאַנגען.
ס'פאַרבויגן זיך די פאָנען טרויעריק-פאַרטראַכט.
און אָט—אין גרויסער מאַסע־ליכט פון די עקראַנען—
קרעמל. ס'זיצט דער פירער בא א פענצטער אפדערנאַכט.

ער קוקט פאַרטראַכט אין ווײַט (מיר דאַכט—ס'איז שטענדיק, שטענדיק וואַך דער פירער).
כינעזער—רויטארמייער מאַרשירן דורך אין טרוים.
און ס'פלאַטערט רויט די פאָן אפ בערג אפ אביסינער,
אפ מויערן בערלינער,
אפ הויפּט־גאַסן פון רוים...

מײַן צימער ווערט פאַרפולט מיט מעכטיקע געזאַנגען.
און מאַכנעס ברידער מײַנע גייען, גייען. ס'טאָגט.
אין לעצטן מאַסן־קאַדר איז די זון א גרויסע אופגעגאַנגען...
„גוטמאָרגן, ברידער מײַנע", האָב איך שטיל געזאָגט.

---

נאָטע לוריע

# דער עלטסטער אגראָנאָם סיניאקאָוו

ווען מאניע האָט זיכ אויסגעדרייט און אוועקגעגאנגענ, איז וואליעריאנ סיניאקאָוו נאָכ א ווײַלע געבליבנ שטיינ נעבנ דער טיר און זי נאָכגעקוקט.

— זי וועל איכ שוינ קיינמאָל ניט פארשפעטיקנ,—האָט ער צו זיכ אליינ א שמייכל געטאָנ. אים האָט איצט אויסגעזען מאָדנע, וואָס זי האָט אים געגעבנ אָנצוהערעניש, אז וואלקינד איז אוועקגעפאָרנ אפנ סטעפּ, בעשאס וואלקינד איז געווענ אינוויינ יק, דאָ אינ קאָלווירט־הויז.

וואלקינד האָט זיכ טאקע אָט ערשט וואָס געקליבנ אוועקפאָרנ אפ נאכט אינ סטעפּ, נאָר ער אליינ, סיניאקאָוו, האָט אים פארהאלטנ. ער האָט אים נעבנ דער שטאל ביז געזידלט אינ דער הויכ פאר די קאָלווירטניקעס און געהייסנ אָט איצט, גלײַכ, צונויפרופנ די קאָלווירט־פארוואלטונג.

— וואָס הייסט, דו מאראדיאָרעוועסט און פירסט ניט ארויס דאָס ברויט צום עלעוואַטער.

אינוויינ יק, אינ קאָלווירט־הויז, איז די זיצונג פונ דער קאָלווירט־פארוואלטונג שוינ געגאנגענ. סיניאקאָוו האָט זיכ איצט געהאט ארויסגעכאפּט אפ א מינוט נאָכ א קוק טאָנ וואָס טוט זיכ דאָ אינ דרויסנ, צי זי איז דאָ...

זינט ער האָט פארנאכט באגעגנט זעלדענ אפ דער הארבע און אריבערגענומענ צו זיכ אפ דער בריטשקע, איז זי אים ניט ארויס פונ קאָפּ און ער האָט זיכ ניט געקענט באַרויקנ.

— וויאזוי האָט ער דאָס פארזענ ביז איצט אזא טײַער מיידל... זי האָט אים אינ גאנצנ מיט איר קערפער, מיט אירע באוועגונגענ, דערמאָנט אָנ הלושקענ, וואָס ער האָט מיט גוואלד פערשלעפט נאָכ בא זיכ אינ הויפ אינ דער טונקעלער קלוניע ארײַנ און וואָס האָט זיכ נאָכדעמ דערטרונקענ, און דאָס האָט אים נאָכ מער גערעגט.

פונ דער ווײַטנ האָט ער זי באמערקט צווישנ די מיידלעכ. זעלדע איז געווענ צוגעפוצט. דאָס איז סיניאקאָוונ באלד געפעלנ געוואָרנ, ווי זי וואָלט דאָס געטאָנ צוליב אים.

— אויב אזוי, וועט שוינ זײַנ רעכט,—האָט ער אומרויִק א טראכט געטאָנ און א צעבויטעטער, מיט מאָדנע איבערגעמישטע געפילנ זיכ פארנומענ אינוויינ יק אינ קאָלווירט־הויז.

אינ דעמ געוועזענעמ יאנקעוו אָקסמאנס שלאָפ־צימער, ווו ס׳איז געגאנגענ די זיצונג פונ קאָלווירט־פארוואלטונג, איז געווענ שטארק אָנגערויכערט און טונקל.

וואָלקינד האָט זיכ א מידער, אנ אופגערעגטער ארומגעדרייט אינ די גרויסע יוכטאָווע שטיוול איבער דעמ ענגנ, טונקעלנ צימער. וואָלקינד איז געווענ אינ קאַעס. ער האָט אלײנ ניט געוווּסט, וואָס וויל מענ פונ אימ, אז ער האָט איצט סאַכאַקל גאָר געדאַרפט זײַנ אפנ סטעפּ, ווער ווײס, וואָס דאָרט טוט זיכ, צי די טראַקטערנ האָבנ זיכ ניט אָפּגע־שטעלט אונ דאָ כמאַרעט זיכ נאָכ, ווײס דאָס די ערד... אז יעדערער איז דאָ א באַלעבאָס אונ דרייט אימ א קאָפּ... זאָלנ זיי טאָנ, וואָס זיי ווילנ, ער וועט ניט לאָזנ די כוראָבע צעפּײַגערנ, באַדײַ זאָל מענ אימ אראָפּנעמענ אונ פאַרטיק...

— מײַלע סיניאַקאָוו, אָט איז ער דאָ, אָט איז ער דאָרט, אָבער די אײגענע קאָלווירט־ניקעס, קענ מענ זאָגנ—האָט ער ניט געקענט שענקענ קאָפּדינערנ,—זיי אלײנ האַלטנ אימ אונטער, וואָסי, זייער דײַגע אי דאָס, אבי מע וויל זיכ אויסשײַנענ...

ער האָט זיכ מיטאַמאָל דערמאָנט אָנ מאַניענ אונ ס'איז אימ נאָכ קאַלאַמוטנער געוואָרנ אפנ האַרצנ.—ווּ איז זי דאָרט,—איז ער צוגעגאַנגענ צו דעמ פענצטער,—עפּעס אויכ אנ אומגליק, נאָר סע משפּעט זיכ, ניט ארויסצוקריכנ מיט איר,—ער האָט צוגעשפּאַרט דעמ ארומגעוואַקסענעמ פּאָנעמ צו דער קילער בלאָוולעכער שויב אונ געזוכט דאָרט עפּעס אינ דרויסנ, אפנ הויף, נאָר ער האָט גאָרנישט ניט געקענט פאַנאַנדערקלײַבנ דאָרט, אינעמ טומל.

— זי איז מיסטאָמע אוועק... אָט אנ אומגליק, זי וועט שוינ ווידער באַנאַכט איבער־קערנ די שטוב...

ער האָט ניט אומקוקנדיק זיכ אפּ קאָפּדינערנ אונ אפ די איבעריקע כוטעראַנצעס, וואָס זײַנענ געזעסנ אונ געראַוכערט באַמ טונקעלנ קרומלעכנ טיש, זיכ אוועקגעזעצט דערבײַ, גענומענ דעמ בלײַפעדער אונ אפנ אָפּגעקראָכענעמ האָלצ פונעמ טיש אָנגעהויבנ עפּעס כעזשבענענ.

— נו-ו,—איז סיניאַקאָוו הילכיק ארײַנ, צוגעגאַנגענ מיט די ברייטע פעסטע טריט צו וואָלקינדנ אונ אופגעלעבט אימ ארומגענומענ.

— איז וויפל זאָל איכ איבערגעבנ אינ רײַפּאַרטקאָמ פירסטו מאָרגנ ארויס?..

— מאָרגנ דרעש איכ,—האָט וואָלקינד זיכ אָפּגערופנ, ניט אופהויבנדיק דעמ קאָפּ.

— וועסט ארויספירנ,—האָט סיניאַקאָוו א שמייכל געטאָנ מיט די ווײַסלעכע אויגנ צו קאָפּדינערנ. ער איז באַלד געוואָרנ ערנסט, דער פּאָנימ האָט זיכ בא אימ געביטנ,—ווי ס'וואָלט געווענ אינגאַנצנ אנ אנדער מענטש. די אויגנ זײַנענ געוואָרנ קלײנ אונ שטע־כיק.

— וועסט ארויספירנ, נאָכדעמ וועסטו דרעשנ... קײנ אײנ קערנדל זאָל איכ בא דיר אפנ האַרמאַנ ניט זענ,—ער האָט אנ אופגערעגטער זיכ געלאָזט איבער דעמ ענגנ טונקעלנ צימער.

— קײנ אײנ קערנדל,—האָט ער זיכ אומגעקוקט אפּ די כוטעראַנצעס.

— ריכטיק,—האָט אימ אונטערגעהאַלטנ קאָפּדינער.

ער האָט מיטאַמאָל דערפילט, אז זיי אלע, קאָפּדינער, כעמע טראַסקונ, קאַלמענ זאַ־האָט, זיי אלע זײַנענ אפ זײַנ זײַט, זיי האַלטנ אימ אונטער. דאָס האָט אימ מיטאַ־מאָל אָנגעהויבנ שטאַרק, ביז ווייטעק פאַרדריסנ. ער האָט דערפילט א שרעק פאַר זיי, פאַר די אָנגעכמורעטע, א־ומגעוואַקסענע קאָלווירטניקעס, ער האָט זיכ גיכ געלאָזט איבערנ צימער, געזוכט זיכ אָנכאַפּנ אָנ עפּעס אונ זיכ באַלד דערמאָנט אָנ די סקירדעס שטרוי, וואָס שטײענ שוינ דאָ אפנ האַרמאַנ מיט די שלעכט-אויסגעדראָשענע זאַנגענ, אָנ דער

פּאַלאָווע, און ס'איז אים עפּעס אינערלעכ שטאַרק פריילעכער געוואָרנ, ווי ער וואָלט אָנ עמיצנ גענומענ נעקאָמע.

— דעמ פּלאַנ ווילט זיכ זיי אויספּילנ...—האָט ער מיט די קליינע ווײַסלעכע אויגנ א קוק געטאָנ אַפ די קאָלווירטניקעס... ס'וועט זיי שוינ העלפנ... מע דאַרפ איצט אביסל נאָר אָנקוועטשנ, אַז זיי זאָלנ ארויספּירנ ביז א קערענדל, ביז א קערענדל... זאָלנ זיי א פּוכניע טאָנ, דער סקאָט זאָל זיכ אויסלייגנ, וועט דער נאָכדעמ גרינגער זײַנ צו ריידנ מיט זיי...

מיט ברייטע, פעסטע טריט האָט ער געטראָטנ איבערנ צימער, נאָכדעמ האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט אנטקעגנ וואלקינדנ, ווי ער וואָלט ווארטנ אַפ זײַנ ענטפער.

— נו־ו?..

— איצט דרעש איכ... איכ'ל איצט ניט טרײַבנ די פערד, אָט כמארעט שוינ ווײַטער...—האָט וואלקינד פארשטיקט זיכ אָפּגערופנ,—און סײַוויסײַ, כ'ל די כוראָבע אָנ קאָרמ ניט לאָזנ...

— די כוראָבע...—האָבנ זיכ די אויגנ בא סיניאקאָווו אָנגעצונדנ מיט א שלעכט פײַער,— נאָר וועגנ זיכ טראכסטו... דער ברויט ליגט בא דיר אַפּנ הארמאנ און די עלעוואטערנ שטייענ בא אונדז פוסט, פארשטייסט, צי ניט... פונ וואָס בויענ מיר דעמ דניעפּראָגעס, פונ לייִמ, צי פונ קיִ'ק, פונ וואָס בויענ מיר דעמ מאגניטאָגאָרסק, צי קוזבאס, צי די טראקטער־זאוואָדנ... טראקטערנ מאָנסטו און דעמ ברויט האלסטו אַפּנ הארמאנ, פארשטייסט צי ניט...—ער איז אליינ פארכאַפּט געוואָרנ פונ זײַנע רייד. ער האָט געזענ ווי קאָפּלדינער, ווי כעמע טראסקונ ציִענ זיכ צו אימ, ווי ער וואָלט איצט ארויסגעכאַפּט זייערע ווערטער און ער האָט זיכ ניט אָפּגעשטעלט, קעדיי זיי זאָלנ ניט אָנהויבנ ריידנ. ער קענ ניט פארלײַדנ זייערע נימעסע רעדעס, ער וועט דאָס בעסער אליינ ריידנ פאר זיי, ער וועט ריידנ אָנ א סאָפ, אָנ אנ אָטעמ, קעדיי ניט הערנ זיי...

וואָס סיניאקאָוו האָט אלצ מער גערעדט, האָט יודל געפילט, אַז עס באשלאָגט אימ א שווייס איבערנ גאנצנ לײַב. ער האָט מיטנ לינקנ, עטוואָס קלענערנ אויגל, זיכ אלע ווײַלע צעטומלט אומגעקוקט אַפ סיניאקאָווו און ס'האָט אימ אָנגעהויבנ אונטערציטערנ די האנט פאר שרעק.

— וויִאזוי האָט ער דאָס פריִער ניט געכאַפּט זיכ, אַז ער קענ גאָר זײַנ אנ אונטערגעשיקטער,—האָט ער מיט די ציטערדיקע פינגער ביז ווייטיק זיכ געצופּט די פארשניטענע וואָנצ,—נו, אוודע, ער שלעפּט זיכ דאָכ די גאנצע צײַט ארומ מיט איוואנאָווו... ער האָט צעטומלטערהייט זיכ געפּרווט דערמאָנענ, וואָס האָט ער מיט אימ די גאנצע צײַט געשמועסט, שא, וואָס האָט ער געטאָנ אזוינס, וואָס ער, סיניאקאָוו, ווייס... ער האָט זיכ פּלוצלינג אָנ עפּעס דערמאָנט, די הענט האָבנ אימ אָנגעהויבנ ציטערנ, אזש א שווייס האָט אימ גערונענ איבערנ גאנצנ פּאָנעמ. ער האָט זיכ צעטראָגענערהייט אומגעקוקט גיכ אַפ דער טיר, ווי ער וואָלט געוואָלט ביז וואָס ארויסשפּרינגענ.

נאָר איבערנ מיט צימער, פארבײַ דער טיר האָט מיט ברייטע, פעסטע טריט ארונגעשפּאנט סיניאקאָוו און פארכאַפּט, מיט איינ אָטעמ, גערעדט.

...מיר זיצנ נאָכ אַפ א סקירדע שטרוי... און מיינט ניט, אַז אלצ איז שוינ פארענדיקט... די באלעבאטימ וועלנ אײַכ קיינמאָל ניט מויכל זײַנ די זאוואָדנ, די פאבריקנ, די שאכטעס, די אײַזנבאנ־וועגנ... די ערד, זיי ציילנ דאָרט די פּראָצענטנ...

ער איז פארכאפט געוואָרן פון זײַנע רייד, ער האָט שווער געאָטעמט און געפילט א שטארקן, א בלוטיקן פארגעניגן. ער איז אינגאנצן געווען אופגעיעגט און פון אופרעגינג האָבן אים אוש געציטערט די הענט,—מיינט ניט, אז ס'איז שוין אלץ געענדיקט..

סיניאקאָוו איז אלץ מער איבערגעפולט געוואָרן מיט האָפענונג אין דעם, וואָס ער האָט גערעדט, ווי ער וואָלט דאָס געזען פאר די אויגן. זיכער... מע דארף נאָר אויסראַמען ביז א קערנדל, דעמלט איז גענוג איינ שוועבע"ע...

..אין קיעוו האָט מען אָט אראָפּגעוואָרפן דעם גלאָק פונעם הייליקן סאָבאָר...—ער האָט מיטאמאָל זיך דערשראָקן פאר זײַנע אייגענע רייד און זיך ארומגעקוקט אף די ארומגעוואָקסענע כוטעראנצעס, אָט צוליב וואָס מיר דארפן דעם בויס,—האָט ער טרוקן זיך אָפּגערופן. ער האָט שווער אָפּגעעטעמט, א פיר געטאָן מיט דער ברייטער האנט איבערן שטערן און דערפילט, אז ער איז נאס,—

יורל פיסקון האָט די גאנצע צײַט ניט אראָפּגענומען די אויגן פון סיניאקאָוון. עס האָט אים ארומגעכאפּט אלץ א גרעסערע שרעק פאר אים און ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. וועלכער שעד האָט אים געטראָגן זיך פארדרייען מיט אים... נאָר וואָס האָב איך מוירע,—האָט ער זיך מיטאמאָל א צי געטאָן די וואָנצ,—זאָל ער גיין באווײַזן,—איך ווייס פון גאָרניט, וואָס ער האָט געהייסן, האָב איך געטאָן, איך בין דאָ ניט שײַעך, די דרעשמאשין האָט ער אליין געדרייט... נאָר ער האָט זיך דערמאָנט אָן אלץ נײַע און נײַע זאכן און געציטערט, אז סיניאקאָוו זאָל איצט ניט צוגיין צו אים...

סיניאקאָוו האָט פארצויגן די זיצונג ביז שפּעט אין דער נאכט, ביז עס האָט זיך פארענדיקט די קינאָ. ווען אפן הויף האָט זיך נאָכן קינאָ אופגעהויבן א טומל, איז ער ארויס אין דרויסן, ארומגעקליבן ארום זיך די קאָמיוגיסטן, די מיידלעך, ער האָט הויך און אופנערעגט גערעדט. געוויצלט זיך און די מיידלעך האָבן געלאכט און זיך געקליבן נעענטער ארום אים.

צווישן די מיידלעך האָט ער באמערקט זעלדען און ער האָט פריילעך זיך אָפּגערופן צו דער כעוורע.

— מיר'ן אביסל א שפּאציר טאָן, קינדס,—האָט ער זיי ארופּ געטאָן. זיי זײַנען אלע צוזאמען ארויס פון הויף און פארקירעוועט ארופ, איבער דעם פינצטערן כוטער.

זיי זײַנען געגאנגען אפן מיט גאס שווער טופּענדיק מיט די פיס. אין דרויסן איז געווען עטוואָס הארבסטיק־קיל און אפן ברעג כוטער האָט געסקריפּעט א קאָלוואָראָט פון א ברונעם. דאָס האָט אף סיניאקאָוון אָנגעוויעט א ווארעמען געפיל צו עפּעס, ווײַטס, עפּשער צו זייער געוועזענעם הויף אין דעם גרויסן גרינעם דאָרף הינטער כערסאָן ערגעץ, צו זייער א טיפן ארומגעמאָסטעטן ברונעם, ס'האָט אָנגעהויבן אָנווייטיקן א בענקשאפט נאָך דער געדיכטער לאָנע באם סטאווּק, נאָך די דאָרפישע דינסט־מוידן, נאָך דעם פארנאכטיק־טרויעריקן קלויסטער־קלינגערײַ, ער וואָלט איצט, דאכט זיך, צופוס, גלײַך מיטן פינצטערן סטעפ, איבערשנײַדנדיק די מעזשעס אוועק אהין צו זיך אין דאָרף, אין זייער הויף צו די הויכע, שיינע טאָפּאָלן...

פונעם געדאנק, האָט אים דורכגענומען א ציטער, ער האָט מיטאמאָל א פאטש געטאָן די כעוורע איבער די פלייצעס און הויך, ווי ער וואָלט וועלן זיך איבערשרײַען, פארזינגען מיט זײַן ברייטער שטים:

Завтра может в эту пору...

דאָס דאָזיקע געזאַנג האָט אים אָנ עפּעס דערמאָנט, פונ וואָס ס׳איז אים וואַרעם גע־וואָרנ אינ אַלע גלידער און ער האָט הויכ, איבערײַסנדיק די שטים פאַרצויגנ—

а быть может в эту пору...

די כעוורע האָבנ אים אונטערגעהאַלטנ.

ווענ יודל איז אַרויס פונ קאָלווירט-הויז, איז שוינ סיניאַקאָוו ניט געווענ. יודל האָט זיכ צוטומלט אַרומגעדרייט איבערנ הויפ, געזוכט אימ, כאָטש ער האָט אַליינ ניט געוווּסט אַפ וואָס ער האָט אים געדאַרפט.

— וואָסי שײַעכ, ערשט דאָ ווענ, האָט ער אַליינ, סיניאַקאָוו, אים געגעבנ אָנצוהערע־ניש, ער זאָל צעטאַכרעווענ דאָס ברויט. מע זאָל ווינציקער אַרויספירנ, ער האָט גערעדט מיט אים קימאַט, ווי אָפּנ... נישקאָשע, ער וועט מיר אָפּנ שלייפ ניט נעמענ...

באַ יודלענ איז מיטאַמאָל דורכגעלאָפּנ עפּעס אַ געזערלעכער געדאַנק און ער האָט זיכ געלאָזט פונ הויפ, באַ דער זײַט גאַס, מיט דער סטעזשקע,—נישקאָשע, ער וועט אים שוינ הײַנט באַדערנאַכט פונ די הענט ניט אַרויסלאָזנ, ווו איז ער דאָס?..

אַראָפּ גאַס, אַפ דער פינצטערער סטעזשקע איז ער מיטאַמאָל אָנגעשפּרונגענ אַפ וואַל־קינדנ. וואַלקינד איז געגאַנגענ איינער אַליינ, יודל האָט זיכ לעכאַטכילע דערשראָקנ. נאָכ־דעמ האָט ער געוואָלט פאַרפירנ אַ רייד, עפּשער וועט ער זיכ עפּעס דערוויסנ באַ אים, נאָר ער האָט ניט געקענט עפענענ דאָס מויל. עס האָט אים געהלושעט אינ די אויערנ סיניאַקאָווס רייד און, ניט אויסריידנדיק קיינ וואָרט, אונטערסאָפּענדיק, איז ער דורכגע־לאָפּנ.

— ווו איז ער?..—האָט ער זיכ אַרומגעקוקט.

סיניאַקאָוו איז געגאַנגענ אינ דער מיט גאַס צווישנ די כעוורע. ער האָט זיכ אויסגע־טײלט מיט זײַנ הויכנ וווּקס. פונ מאָל צו מאָל האָט ער פאַרקלענערט די טריט, ווי ער וואָלט אַפ עמעצנ אָפּגעוואַרט. נאָכדעמ האָט ער זיכ אויסגעדרייט. הינטער אים איז צווישנ די מיידלעכ געגאַנגענ זעלדע. זיי האָבנ זיכ עפּעס געשושקעט, געשטופּט זיכ און געלאַכט זעלדע האָט זיכ מיט עפּעס באַזונדערס אונטערגעשיידט פונ די איבעריקע און זי האָט אים ווידער דערמאָנט אָנ הלושקענ.

ווענ די מיידלעכ האָבנ זיכ דערנעענטערט, איז ער מיטאַמאָל צוגעגאַנגענ צו זעלדענ.

— פאַרוואָס זינגסטו ניט!—האָט ער זי אָנגענומענ פאַר דער האַנט. זעלדע האָט זי עפּעס פאַרלאָרנ. זי האָט גאָרנישט ניט געענטפערט.

— ווילסטו מיט מיר ניט ריידנ,—האָט סיניאַקאָוו זי אַ צי געטאָנ עטוואָס נעענטער צו זיכ,—קומ, מירנ זינגענ צוזאַמענ, כ׳ל דיר העלפנ...

זי האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט און ס׳האָט זי אַרומגענומענ עפּעס אַ מאָדנע, אומפאַר־שטענדלעכע שרעק פאַר אים, ווי זי וואָלט דערפילט אינ אים אַ קראַפט, פונ וועלכער ס׳איז זיכ שווער צו באַפרײַענ.

די כעוורע איז שווער געגאַנגענ אַראָפּ גאַס. אייניקע זײַנענ שוינ געווענ באַמ צאָמ־בער-בערגל און דאָס געזאַנג האָט זיכ דערטראָגנ פונ דאָרט אַלצ ווײַטער און ווײַטער.

וואַלקינד איז שוינ געווענ ניט ווײַט פונ זײַנ זעמליאַנקע. ער האָט זיכ מיט אַמאָל אָפּגעשטעלט, געקוקט אַהינ פונוואַנענ עס האָט זיכ דערטראָגנ דער געזאַנג און ער האָט זיכ גענומענ רײַבנ די פאַרוואָקסענע שטעכיקע באַקנ פונ פאַרדראָס.

—וואָס שלעפּנ זיי זיכ דאָרט אַרומ,—האָט ער געבורטשעט,—גאַנצפרי דאַרפ מענ זיכ

שטעלן דרעשן און זיי שלעפן זיך ארום ביז האלבער נאכט, אָט אן אומגליק... אז יעדער מישט זיך דאָ, ווער סע קומט איז באלעבאָס... ער האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זײַן, פארוואָס ער האָט דאָרט, אפן קאָלווירט-הויף, באלד ניט געהייסן אלעמען גיין גלײַך אהיים, זיך לייגן שלאָפן.

— א קינאָ גאָר אינמיטן דערינען אפ מײַן קאָפּ,—האָט ער זיך ניט געקענט בארויִקן. ער האָט זיך געוואָלט לאָזן דעריאָגן די כעוורע, הייסן זיי צעגיין זיך אהיים, נאָר ער האָט מיטאמאָל זיך דערמאָנט אָן מאניען און מיט שווערע, מידע טריט פארקערעוועט צו זיך אין דער זעמליאנקע.

יודל איז געקומען צולויפן אהיים א פארסאָפּעטער. ער האָט זיך ארומגעדרייט אין שטוב, געזוכט עפּעס, ער האָט אליין ניט געוווּסט וואָס, ער איז ארומגעלאָפן און זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. קאָלזומאן ער איז נאָך געווען דאָרט, צוזאמען מיט זיי, האָט ער עס אפ אזויפיל ניט געפילט, נאָר איצט ווען ער איז איינער אליין בא זיך אין שטוב, האָט אים אָנגעהויבן באפאלן אן איימע פון אלע פענצטער, ווי מע וואָלט נעגאנגען אהער. עס האָט אים אָנגעהויבן ווארפן און שוידערן.

— וווּ איז ער, מע דארף אים איצט פון אויג ניט אָפּלאָזן.

ער איז א צעטומלטער ארויסגעלאָפן צוריק אין הויף, זיך ארומגעדרייט דאָרט ארום דער שטאל, ארום דער קלוניע, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט פארשטעקן, און נאָכדעם אין די נידעריקע שטיוועלעך זיך געלאָזט גיך, גיך מיט די פאליסאדניקעס...

דער הימל איבערן כוטער האָט זיך גענומען עטוואָס לײַכטערן, ווי ער וואָלט זיך געבריית אופנעמען דעם פארטאָג. די כמארעס האָבן ביסלעכווײַז זיך אָנגעהויבן פאנאנדערשווימען איבער די ארומיקע גערטנער, איבערן סטאוואָק און ווײַטער ארופ בארג איבער די מאָהילקעס...

סיניאקאָוו מיט זעלדען זײַנען שוין געווען קימאט באם עק פינצטערן כוטער. סיניאקאָוו איז געגאנגען טראָט בא טראָט, ער האָט זיך געסטארעט אָפּשטיין פון דער כעוורע און ניט אָפּגעלאָזן זעלדעס האנט. ער האָט געמאכט נאָך עטלעכע טריט און פארקערעוועט אָן א זײַט, צו דער סטעזשקע.

— מיט וועמען שלעפט ער זיך דאָס,—האָט יודל אים באמערקט פון צווישן די שיטערע ווײַנשל־ביימער. ער האָט זיך אָנגעבויגן נידעריק צו דער ערד און צוגעלייגט דעם אויער, ווי ער וואָלט זיך וועלן אײַנהערן וואָס זיי ריידן דאָרט.

— א, ס'איז זי, דאָזיר-בערס מיידל,—האָט ער דערקאָנט זעלדען און מיט שרעק דערמאָנט זיך אָן הארמאן, אָן די ווייץ, אָן דאָווידבערגן... איצט פארשטייט ער, וואָס ער שלעפט זיך ארום מיט איר, ס'איז איינס האנט, אי דאָס...

סיניאקאָוו מיט זעלדען זײַנען געגאנגען אלץ פאמעלעך. זיי זײַנען געווען צו אים מיט דער פלייצע. יודל האָט געזען ווי סיניאקאָוו האָט מיט דער האנט ארומגענומען זעלדען, ער האָט אויסגעשטרעקט דעם אויער, נאָר ער האָט גאָרנישט ניט געהערט. ער האָט זיך גענומען דורכקלײַבן צווישן די ביימער, נעענטער צו זיי, נאָר ער האָט זיך פארשטעפּעט און געפאלן.

סיניאקאָוו האָט גאָרנישט ניט באמערקט. ער איז טראָט בא טראָט געגאנגען, ווי פריִער מיט זעלדען, ארומגענומען זי פון הינטן מיט דער האנט און געשוויגן. ער האָט ניט געוואָלט ריידן, קעדיי די כעוורע זאָל ניט דערהערן און זיך אומקערן. ער האָט ארויסגעקוקט, אז די כעוורע זאָל וואָס ווײַטער אָפּגיין און זיי זאָלן בלײַבן אליין.

— וואָס זשע שווייַגט איר,—האָט זעלדע אימ אָנגעקוקט.

— איכ האָב ליב שווייַגנ,—האָט ער שטיל, פארשטיקט זיכ אָפגערופנ,—איכ קענ אזוי שווייַגנ א גאנצע נאכט אונ א טאָג אונ ווידער א נאכט, ס'איז מיר גוט פונ דעמ... כ'קענ אזוי גיינ מיט דיר אונ גיינ אונ ניט אויסריידנ קיינ וואָרט...

— כ'פארשטיי ניט...—האָט זעלדע זיכ אָפגערופנ.

ער האָט זיכ אומגעקוקט, באמערקט, אז די כעוורע איז שוינ געווענ ווייַט הינטער דעמ צאָמבער־בערגל אונ ער האָט זיכ מיטאמאָל אויסגעדרייט אפ צוריק.

— ווהינ? האָט זעלדע זיכ פארהאלטנ.

— קומ... לאָמיר צוגיינ צו דער הרעבליע,—האָט ער היזעריק־שטיל זיכ אָפגערופנ.

— די כעוורע גייט דאָכ דאָרט,—האָט זעלדע געפרוווט ארויסשלעפנ די האנט,—מירנ צוווארטנ אפ זיי.

— זאָלנ זיי גיינ... זיי וועלנ אונדז דעריאָגנ... אפ וואָס דארפנ מיר זיי,—האָט ער זיכ אָנגעבויגנ נעענטער צו איר אונ זי א צי געטאָנ צו זיכ.

זי האָט ניט ווילנדיק געמאכט א פאָר טריט.

— וואָס גייענ מיר,—האָט זי זיכ געטראכט.—כ'וויל גאָר שלאָפנ, נאָר זי האָט אימ דאָס עפעס ניט געקענט זאָגנ אונ געגאנגענ ווייַטער.

זיי האָבנ פארקערעוועט מיט דער סטעזשקע אונ פארבייַ די קאנאוועס זיכ געלאָזט צוריק, אראָפ כוטער.

ווענ זיי זייַנענ עטוואָס אָפגעגאנגענ, האָט זעלדע מיטאמאָל דערהערט טריט הינטער זיכ, ווי עמעצער וואָלט זיכ דאָ ערגעצ געגאנוועט, ווער איז!.—האָט זי זיכ אויסגעדרייט.

אינ פאליסאדניק האָבנ געפלאצט עטלעכע פארטריקנטע צווייַגנ.

— עמעצער גייט דאָ,—האָט זי זיכ א וואָרפ געטאָנ מיטנ גאנצנ קערפער אונ זיכ אָנגעכאפט אָנ סיניאקאָוונ.

יודל איז צוגעפאלנ צו דער ערד, צווישנ די טונקעלעביימער אונ פארטייַעט דעמ אָטעמ. אינ פאליסאדניק איז געווענ שטיל, די ביימער האָבנ זיכ ניט געוויגט, זיי האָבנ נאָר געוואָרפנ א שאָטנ פונ זיכ אפ דער ערד אונ עס האָט זיכ געקענט דוכטנ, אז מע פויזעט דאָרט...

— עמעצער גייט דאָ,—האָט זעלדע זיכ אייַנגעהערט צו דער נאכט־שטילקייַט.

— קיינער ניט, קיינער גייט ניט,—האָט סיניאקאָוו זיכ אָפגערופנ, ניט אומקוקנדיק זיכ. ער האָט זיכ קיינ ריר ניט געטאָנ. ער האָט געפילט נאָענט איר פולבלעכנ, שטייַפנ ווארעמענ קערפער, די צעשויבערטע רוסיאווע האָר אונ איר אָטעמ.

זיי זייַנענ אזוי אווייַלע געשטאנענ אונ זיכ נאָכדעמ געלאָזט פאמעלעכער גיינ.

— מיר דוכט...—האָט זעלדע זיכ ווידער אומגעקוקט אפ הינטנ.

— ס'אי גאָרניט... האָט ער זי ניט אָפגעלאָזנ אונ זיי זייַנענ אזוי, שטארק נאָענט, איינע נעבנ די אנדערע, געגאנגענ מיט דער פארוואָקסענער סטעזשקע.

ארומ איז אפנ כוטער געווענ שטיל. קיינער האָט ניט געזונגענ. קאָנטיק, אז די כעוורע איז זיכ שוינ צעגאנגענ שלאָפנ. אפילע די פראָשנ האָבנ מער ניט געקוואקעט. ס'איז געווענ ציטערדיק שטיל. זיי זייַנענ געגאנגענ טראָט בא טראָט אונ געשוויגנ.

אינ מיטנ כוטער האָט זעלדע דורכ דער פינצטערניש דערקאָנט שעפסל קאַבילעצעס הויפ. אינ דער נאכט־טונקלקייַט האָט די זעמליאנקע אויסגעזענ זייער נידעריק אונ אויסגעבויגנ. אונטער דער וואנט דאָרט האָט א גרילצ געטאָנ א צירקונ אונ ס'האָט זי ארומ־

געכאפט עפעס א ווייטעק. זי וואָלט איצט אריַינגעגאנגען א קוק טאָן, זען וואָס טוט זיך דאָרט, ער קאָן זיכער שלאָפן אפ די שטרוי אונטער דער הארבע, שעפטל... נאָר זי האָט גאָרניט ניט געזאָגט. זי האָט בא אים, בא סיניאקאָוון, אפילע די האנט ניט ארויסגענו־מען, ער זאָל גאָרנישט ניט זאָגן. איר דוכט זיך, אז עמעצער גייט זיי נאָך דאָ ערגעץ הינטער די קאנאוועס. עפשער איז דאָס שעפטל?..

— פארוואָס בין איך גליַיך ניט אוועק אהיים,—האָט זי זיך ניט געקענט בארויִקן,— געדארפט גליַיך אוועק, אייִדער עס האָט זיך נאָך געענדיקט.

זי האָט ניט באמערקט, ווי זיי זיַינען פארביַי דעם זאהאָן, און ארופ אפ דער הרעבליע.

אפ דער נידעריקער, ארומגעשווענקטער הרעבליע האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. דער סטאוואָק האָט זיך שטיל און קאלט געכוויסעט אָנעם ברעג. דאָס וואסער האָט אָפּגעגעבן מיט א טונקעלער בלאָווקיַיט ארום און ארום, בא די אָטשערעט, הינטער דער הרעבליע. אין דער באלקע איז געווען שטיל.

פון דער שטילקיַיט האָט אויש געזשומעט אין די אויערן. זיי זיַינען אזוי אוויַילע גע־שטאנען, געקוקט אפן וואסער און ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט.

— וואָס שטיי איך דאָ,—האָט זעלדע מיט פארדראָס אַז זיך אליין א טראכט געטאָן,— כ'האָב דעם סטאוואָק ניט געזען. זי האָט אים געוואָלט רופן גיין צוריק, נאָר סיניאקאָוו האָט זיך אָפּגעקערט, ער האָט אופגעהויבן א הרודע און א וואָרף געטאָן אין דער פינצ־טערניש. וויַיט, וויַיט אין סטאוואָק ערגעץ האָט א בורטשע געטאָן דאָס וואסער.—עמעצער גייט דאָ,—האָט זעלדע ווידער אָפּגעציטערט, ווי זי וואָלט דערפילט טריט הינטער דער פלייצע.

— וואָס דוכט זיך דיר, וואָס האָסטו מוירע,—האָט ער זיך ארומגעקוקט.

ארום איז געווען פינצטער און שטיל. עס האָט זיך נאָך אביסל א וויג געטאָן די טשערעט.

— איך האָב געהערט... איך זאָג אײַך, אז עמעצער גייט אונדז נאָך... די גאנצע צײַט, זאָג איך אײַך, גייט נאָך עמעצער...

— זאָל מען נאָכגיין,—האָט ער זי ארומגענומען פעסט מיט ביידע הענט,—איז וואָס האָסטו מוירע... קיינער גייט ניט.

— קום... ס'איז שוין שפעט... ס'איז דאָ אומעטיק,—האָט זי זיך געבעטן,—קום...

— נו, קום,—האָט סיניאקאָוו זי א צי געטאָן צו יענער זײַט הרעבליע, צום סטעפּ.

— ניין... אהין וועל איך ניט גיין,—האָט זעלדע זיך געפרוּווט באפרײַען פון זײַנע הענט.

זיי האָבן זיך אזוי אוויַילע געראנגלט באם סאמע ברעג הרעבליע און ניט באמערקט, ווי דאָס וואסער פון סטאוואָק האָט זיי באשפריצט די שיך.

— נו, קום א ווײַל... אפן סטעפּ איז איצט גוט... ס'איז פינצטער, ס'איז פריש, דו הערסט, ווי סע שמעקט פון דאָרט,—האָט ער זי געשלעפּט.

— ניין, ניין,—האָט זי זיך געבעטן און געוואָרפן זיך אין אלע זײַטן,—איך'ל אהין ניט גיין...

— נו, איז זעץ זיך צו דאָ אוויַילע,—האָט ער זי אָנגענומען סאמע און טער דער ברוסט, פון הינטן, אײַנגעבויגן זי און אוועקגעזעצט זי אפן ברעג הרעבליע. ער האָט זיך געזעצט נעבן איר.

זעלדע האָט געשוויגן. זי האָט געקוקט אראָפּ אפן וואסער און ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן. וויאזוי זי זאָל זיך ארויסדרייען,—אפ וואָס איז זי געגאנגען מיט אים,—האָט זי זיך ניט געקענט שענקען.

— נו, איך בין שוין געזעסן, עפּשער וועט זײַן גענוג?..

ער האָט ניט געענטפערט. ער איז געזעסן עטוואָס אײַנגעבויגן און געקוקט ווײַט, ווײַט פאר זיך, אפן פינצטערן סטעפּ, ווי ער וואָלט דאָרט עפּעס געזען. נאָכדעם האָט ער זיך מיטאמאָל א כאפּ געטאָן, ער האָט זי ארומגענומען און עס האָבן בא אים אונטערגעציטערט די הענט.

— זעלדע, האָט ער פארשטיקט זיך אָפּגערופן,—ווען מיר פארקלײַבן זיך אהינצו ווײַט, ווײַט ערגעץ, ווו באנאכט ברענען ניט קיין פײַערן, מיר גראָבן דאָרט אוס אונטער א בערגל א טיפע גרוב, מיר באדעקן זי מיט אָטשערעט, מיט גראָז, מיט בוריאן, מיר שיטן זי ארום פון אלע זײַטן מיט ערד... ארום און ארום גראָבן מיר אויס א קאנאווע, א טיפע קאנאווע, אז קיינער זאָל ניט קענען צוגיין, מיר פארזעצן שטעכלקעס, בורזיאק, הויכן בודזיאק ארום און ארום, געדיכט, אז די קאנורע זאָל זיך אפילו ניט ארויסזען, מיר פארפירן הינט, דרײַ, פינעף, אכצן, פון פארשיידענע פּאָראָדעס, א פולן הויף מיט הינט, אפ קייטן און אָן קייטן, ווילדע הינט, ווי די וועלף, אז קיינער זאָל נאָענט ניט צוגיין, קיין איין מענטש ניט, קיינער ניט... און מיר ביידע, זאלבעצווייט, ליגן דאָרט איצט אין דער קאנורע, אפ שטרוי, איינע אליין, אין דער פינצטער און די הינט בילן א גאנצע נאכט, זיי רײַסן די קייטן און פארוואָיען דעם סטעפּ...

— נו, נו... גענוג צו לאכן,—האָט זעלדע אים איבערגעשלאָגן.

— איך לאך ניט, איך וואָלט איצט אהין אוועק,—האָט ער ווידער פארכאפּט גערעדט, ווי ס'וואָלט פון אים געשלאָגן א ווייטעק,—ווײַט ערגעץ אין סטעפּ, אז כ'זאָל דאָרט קיינעם ניט זען... ארום דער קאָנורע וואָלט איך פארזעצט ווײַנשל־בוימער, מולבערן, בארן, סמאראָדינע... איך וואָלט פארפירט דאָרט קאטשקעס, אינדיקעס, הענער, גענדז... איך וואָלט אויסגעגראָבן אן אייגענעם ברונעם, איך וואָלט געמאכט אן אייגענעם סטאַוואָק... איך וואָלט פארפירט פיש, קאָלערלײַ פיש... איך פארזעץ קארטאָפל, ציבעלעס, קנאָבל, קראָפּ... סיניאקאָוו איז פארכאפּט געוואָרן פון דעם, וואָס ער האָט גערעדט, אזש עס האָט זיך בא אים געביטן די שטים,—איך פלאָריע אָן א פולן הויף מיט הינט, שטעל זיך פאָר, ווי מיר ליגן דאָרט.

זעלדע האָט פארוווּנדערט געקוקט אפ אים. זי האָט ניט פארשטאנען, וואָס ער רעדט.

— אײַ, הער אוף,—האָט זי אים איבערגעשלאָגן,—כ'האָב דאָס פײַנט.

— און איך האָב דאָס ליב,—האָבן די אויגן בא אים זיך אָנגעצונדן,—איך וואָלט אזוי געלעבט, אליין, ווײַט, אז דו זאָלסט דאָרט קענען שרײַען, ווי דו וועסט וועלן, קיינער וועט דיר דעם פּיסק ניט פארשטאָפּן, אז איך'ל וועלן, וועל איך ארויסקריכן באנאכט און וויען מיט די הינט...

הינטער זיי האָט פלוצלינג אין די טשערעט עפּעס א שורשע געטאָן. די טשערעט האָט ארויסגעגעבן א פײַפ, ווי עמעצער וואָלט דאָרט אומגעפאלן.

— קום, קום אוועק,—האָט זעלדע זיך אופגעשטעלט.

— ווּהין?!—האָט סיניאקאָוו זיך האסטיק אופגעהויבן, אָנגעכאפּט זי בא די הענט און ארײַנגעקוקט גלײַך אין די אויגן ארײַן,—ווּהין,—האָט ער אויסגעזשיפּעט.

זעלדע האָט אים אינגאנצנ ניט דערקאָנט. זי האָט זיכ דערשראָקנ פאַר אים. זי האָט ניט באוויזנ זיכ א דריי טאָנ, האָט ער זי פונ הינטנ ארומגעכאפט מיטביידע הענט אונ מיט אלע קויכעס א צי געטאָנ זי אראָפּ הרעבליע, צו די אָטשערעט.

זי האָט ניט פארשטאנענ באלד, וואָס ער טוט. נאָכדעמ האָט זי פּלוצלינג עפּעס דערפילט אונ מיט אלע קויכעס זיכ א שליידער געטאָנ.

— לאָז אָפּ!

סיניאקאָוו האָט זי ניט אָפּגעלאָזנ. ער האָט זי פעסט געהאלטנ. ער האָט זי א בויג געטאָנ אפּ הינטער, אזש עס האָט געפּלאצט די קאָפטע, אונ צוזאמענ מיט איר אומגעפאלנ אפנ פייכטנ אָטשערעט.

— וואָס טוסטו?!—האָט זעלדע פארביסנ די ציינ,—נו, הער אופּ!..

סיניאקאָוו האָט געפילט, ווי ס'קאָכט אינ אימ דאָס בלוט פאר אלצ מיט אנ אנדער, ער דארפּ איצט לעשנ מיט איר, מיט דער איינגעשפּארטער ייִדישע מיידל.

— לאָז אָפּ!..

— נאָר ניט געשריִענ,—האָט ער פארשטיקט געבורטשעט,—וועסט איבערשרעקנ די זשאבעס... זעלדע!..

נאָר זעלדע האָט מיט אלע קויכעס זיכ א ריס געטאָנ. זי האָט מיט ביידע הענט אים א שטופּ אָפּ געגעבנ, אזש ער האָט זיכ אויסגעגליטשט אפנ פייכטנ אָטשערעט אונ איז אומגעפאלנ.

א פארסאָפּעטע האָט זי זיכ געלאָזט לויפנ קרומ מיט דער גראָז, מיט די קאנאוועס צומ באנאכטיקנ פינצטערנ כוטער.

ווענ סיניאקאָוו איז פארבליבנ אליינ, האָט יודל אופּגעציטערט. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו טאָנ. נאָכ דעמ איז ער מיטאמאָל פלינק ארויסגעלאָזנ פונ דעמ אָטשערעט אונ זיכ געלאָזט צו אים.

סיניאקאָוו האָט פונ אומדערוואַרטקייט זיכ א כאפּ געטאָנ.

— ווער איז?—האָט ער אויסגעשריִענ.

— א... דאָס בינ איכ...—איז יודל אינ די נידעריקע שטיוועלעכ צוגעלאָפנ... א... וואָסי שייעכ, געשמאקע מיידלעכ בא אונדז,—האָט ער צעטומלט אונטערגעשמייכלט. סיניאקאָוו איז געבליבנ שטיינ א הויכער, עטוואָס א מידער, אונ ניט אראָפּגענומענ די ווייסלעכע בייזע אויגנ פונ אימ.

זיי זיינענ אזוי אווילע געשטאנענ, אָנגעקוקט איינע די אנדערע, ווי זיי וואָלטנ ביידע ניט פארשטאנענ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומענ. נאָכדעמ איז סיניאקאָוו אָפּ א פּאָר טריט אונ זיכ אויסגעדרייט צו יודלען.

— ווי קומסטו אהער?!

— פונ סטעפּ גיי איכ...

— פונ סטעפּ...—האָט ער נאָכאמאָל איבערגעפרעגט אונ מער ניט אויסריידנדיק קיינ וואָרט אוועק נעכטיקנ צו יודלענ...

מ. פינטשעווסקי

# בענקשאַפט

דעמפּן זיך בייטן אין אַלערליי טויען—
גרינע און ראָזע און בלויע.
גיי איך פאַרטאָג צווישן בייטן.

שיינ זײַנען טויען אפּ קווייטן!

פּאַשען זיך קעלבער אין טאָלן,
און לעמער מיט אויגן קריסטאָלן.

שיינ זײַנען טאָלן מיט קעלבער—
ווײַסע און שוואַרצע און געלבע!

שיינ זײַנען לעמער וואָס טרויען
דעם פּאַסטעך, דעם הונט, און די טויען!

זוך איך די קוואַלן, די ברונעמס.
געפין איך די ברונעמס, די קוואַלן.
שיינ זײַנען ברונעמס—ווי רונעס
צעשטעלטע אין ליד „קאַלעוואַלע"!

קוק איך אַרײַן אינעם ברונעם—
האָב איך די אויגן געפונען.

האָב איך אַפּ מאָך און אַפּ שוועמלעך
געקניט ווי דער דורשטיקער קעמל.
און כ'האָב זיך צום ברונעם געבויגן—
מיט זשמעניעס געשעפּט מײַנע אויגן,
געטרונקען מײַן אייגענעם שאָטן,
און ווײַטער געגאַנגען, געטראָטן.

שיינ איז די כוואליע מיט לעמלעכ,
וואָס קלאפט אָנ אינ ברונעמ מיט שוועמלעכ.
אונ שיינ איז די ליד אפנ פײַפל.

נעמ איכ דעמ ראנצ אפנ שולטער,
אונ כ'לאָז זיכ צומ מאסטבוימ אונ זעגל.

ברונעמ, ברונעמ, אנטשולדיק!
ערד, פארבלײַב געזעגנט!

ט'איז שוינ דער יאמ אונ דער הימל.

כוואליעס אפ כוואליעס זיכ ווימלענ.
נאכט.—די אָפגרונט־ציקלאָפנ
קריכנ ארויס פונ צוקאָפנס.
זיי שטייענ א ווײַלע געבויגנ.
זיי רײַבנ די איינציקע אויגנ.
זיי ברומענ. זיכ ראָסטענ. זיכ זדרעכענ.
זיי ציִענ די נאָזלעכער. דעכענ.
זיי פראלנ.
קלעטערנ העכער אונ העכער,
אונ פאלנ.
פונ דאמפערשע מעסערס צעלעכערט
צווישנ די רעדער זיי קנאלנ,
אונ כאפנ זיכ אופ ווי די בערנ
פונ בלוטיקע טיפנ.—
אפ שיפנ! אפ שיפנ!
אונ אפ דעמ הימל מיט שטערנ!

ווי שיינ איז דער גרויל פונ די יאמענ,
וואָס יאָגנ אפ צוימענ אונ צאמענ;—
מיט טויזנטער פראָנטנ אונ פלאנגענ
זיי רײַסנ אויס שטאָלענע שטאנגענ,
אונ ברעכנ די דעמבענע דאמבע.

איכ שטיי אפ דער נאָז פונעמ דאמפער,
אונ כ'קוק אפנ יאמ אינ באגינענ,
אונ כ'זע ווי די ראנדנ זיכ מינענ
מיט זונענ ווי בלוטנ צעפלאָסנ,
מיט מעוועס, מיט אלבאטראָסנ,
מיט ברוסטנ פונ ברוינע מאטראָסנ.

שיינ איז דער יאמ אינ באנינעג.
שיינ אינ דער שיפ די מאשינעג.
שיינ איז די ראָד, דער צילינדער.
פונ דיועל ביז מעשענעמ שרײַפל.
נאָר ס'ווערט ניט, אוי, ס'ווערט מיר ניט לינדער!
איכ בענק דאָכ, איכ בענק דאָכ, צומ טײַוול!

איכ בענק נאָכ די פעלדער מיט בייטנ,
איכ בענק נאָכ די טויענ אַז קווייטנ.

איכ בענק נאָכ דעמ קילנ ברונעמ,
ווו כ'האָב מײַנע אויגנ געפונענ.

איכ בענק נאָכ דעמ קאמפ פונ ציקלאָפנ.
איכ בענק נאָכ די אײַזבערג פונ צאָפנ.

איכ בענק נאָכ די יאגענ גרויסע,
וואָס זײַנענ דער אייביקער דרויסנ,
אונ אייביק זיי דעכענ אונ ברויזנ.

איכ בענק נאָכ די טײַכלעכ קליינע,
וואָס שפאנסט זיי אריבער אַז שטיינער,
אונ טוסט אויס דאָס העמד אונ אינ ארבל
כאפסטו העכטנ אונ קארפנ.

איכ בענק נאָכ דער קאָרע מיט קארבנ,
וואָס קינדערלעכ מאכנ אינ ליפע,
אונ זויפנ דעמ מײַ מיט די ליפנ.

עס זײַנענ פאראנענ נאָכ טיפנ,
וואָס האָט זיי קיינ מענטש ניט באגריפנ.
נאָר הערצער ווארעמע, פראָסטע,
האָבנ דערשפירט זיי, געטאָסטנ.

אוי, לאָמיר, הארצ מײַנס, דערגרייכנ
דידאָזיקע טיפנ אונ הייכנ!

ראָכל בוימוואָל

# לידער

## אפ א דעמאָנסטראַציע

ערשטנ מײַ זײַנענ מאַכנעס געגאַנגענ פאַרבײַ א דרײַשטאָקיקנ הויז
האָט דער וועג זיך פאַרשטאָפּט אונ דער אוילעם האָט אופגעהערט כוואַליען.
איז די היץ געוואָרנ גרויס די זונ האָט פונ אויבנ געפּאַליעט,
האָבנ אַלע פאַרהויבנ די קעפּ אפ ארופ צום דרײַשטאָקיקנ הויז...

---

איז פונ אויבנ א באָכער א בלאָנדער ביז האַלבנ פונ פענצטער ארויס
אונ באַלד איז אַנ עפּער געקימעט. צעהוידעט, געשיקט אפּ א שטריק.
האָט א מיידל געשעפּט פונעם עמער, באַגעגנט דעם באָכערס א בליק...
עפּעס זאָגנ איז הייך, אונ קײַנ בלײַער ניטאָ צו דער האַנט —
איז דער עמער געקומענ צוריק מיט א שטיקעלע רויטנ געוואַנט...

---

האָט דער וועג זיך באַפרײַט, האָבנ מאַכנעס געלאָזנ זיך גיינ,
האָט דער באָכער געשמייכלט, באַוויזנ דער זונ זײַנע קלאָר-ווײַסע ציינ.

***

וואָס איז נאָך זומער הײַנט, צי ס׳איז שוינ ווינטער הײַנט?
די זונ ווי שטענדיק שײַנט אונ ניט ווי שטענדיק שײַנט,
סע שמעקט די לופט, מיט שטײַפנ ריעך פונ אנטאָנ,
אונ אַלץ זאָגט אויס, אז עפּעס ענדיקט זיך אונ עפּעס הויבט זיך אָנ.

דער שפּעטער אויבסט — דער קאַוונ טרעט שוינ אויכעט אָפּ
בלויז ווי ניט ווי א שאָלעכץ, ווי א שערבל פונ א טאָפּ...
אפילע בא די הענער איז אַנ אָסיענדיקער קריי,
ווי פולע גאָמבעס קאַווענ-קערנער טראָגנ וואָלטנ זיי...

דער קאַרשן־בוים שטייט אויסגעלאָשן־גרין,
די זומער־וואָלקנס טריפן אויס ווי פאַראַפין
און ס'קען זיך מאַכן, זאָלסט זיך אויפכאַפן פאַרטאָג
און דורכן פענצטער ניט דערקענען דעם פאַרשנייטן ראָג...

און ווײַל ס'איז זומער נאָך, און ס'איז נאָך ווינטער ניט,
איז אַזוי כּיִעסדיק און רויִק דער געמיט
און ביסט דעם מאָרגעדיקן שניי פונקט אַזאַ פרײַנט,
ווי אַט דעם ווינטל־ווײ, וואָס גלעט דיך הײַנט.

---

זיס־ינד ליעוו

# צווישן זברוטש און דניעסטער

(סאָף)

עס איז געשטאַנען א ווארעמע זון אינמיטן הימל. דאָס קלײן פויערישע פעלד, אָפּגעטײלט שטיקלעכווײַז דורך שמאָל-גראָזיקע צײכנס, איז געווען באַשאָטן מיט פארביקע מענטשן, ווי א פּאַשוויסקע מיט פיל קי און קעלבער. פון געבויגענע זקײנעס ביז צענ־יאָריקע קינדער איז מען געשטאַנען אפן קלײנעם, געפּאַסעוועטן פעלד, איז מען געקראָכן אפּ אלע פיר, האָט מען געפּויזעט און געגראָבן מיט די הענט און מיט די פיס געקאָפּעט האלב מילאַנקע איז דאָרט געלעגן אפן קלײנעם פעלד, ווײַסע טיכלעך און שטרויענע קאַפּעלושלעך האָבן זיך געבויגן און געהויבן, פון פיצל גרענעץ צו פיצל גרענעץ האָט מען זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער, מיט לאַנגע שמועסן, מיט געשריי און מיט געלעכטער. און מיטאמאָל איז געשטאַנען דער געוויינלעכער טאָג־געשפּרעך אפ דער צונג. אינמיטן צווישן די אלע פירעקיקע, ענגע און שפּיציקע פעלד־גרענעצן, איז גרייקע, אײַנגעבויגן און מיט צעשפּרייטע פיס, געגאַנגען אײַנגעשפּאַנט אינעם שמאָלן, אלט־פארזשאווערטן אקער־אײַזן—פונהינטן איז נאָכגעגאַנגען קאַטיע, זײַן טאָכטער, און געפירט דאָס אײַזן. שווײַגנדיק און פאַראַקשנט שטיל האָבן די צוויי מענטשן געאַרבעט, נישט אונגעקוקט זיך צו קײן אײנציקן שאָכן, קוים געענטפערט אפן אָנגעבאָטענעם גוטמאָרגן. די פארשיידענע רייד, וואָס האָבן זיך איבערגעוואָרפן פון שטיקל פעלד צו שטיקל פעלד, האָט זיי ביידן נישט אָנגערירט, איבער זיי אריבערגעפלויגן און אוועק ווײַטער. איבערן ווײַס־לײַוונטענעם, געלאַטעטן העמד האָט גרייקע אריבערגעוואָרפן א גראָבן שטריק, פאָרנט ארומגעוויקלט דעם שטריק ארום ביידע הענט און די הענט צוגעדריקט צו דער שטײַפער ברוסט. אזוי האָט ער געצויגן דעם אקער־אײַזן—ניט שנעל, אָבער מיט אויסגערעכנטע פעסטע טראָט און ניט אָפּגעשטעלט זיך. אנדערש ווי דער פאָטער איז פונהינטן נאָכגעגאַנגען די טאָכטער. כאָטש מיט ביידע הענט האָט זי ארײַנגעדריקט דאָס אײַזן אין דער שווארצער ערד און מיט געניטער זיכערקײַט עס געפירט איבער דער גלײַכער ליניע, איז איר קאָפּ ניט געווען אראָפּגעבויגן, נאָר הויך אויפגעהויבן און מיט שטאָלץ האָט זי געקוקט אין אלע זײַטן. אירע העל-רויטלעכע האָר זײַנען געווען שטײַף פארקעמט, אירע אויגן זײַנען געווען גרויס און פול מיט בייזן גלאַנץ, אפּ דער פלייצע האָט זיך געבאָמבלט דער לאַנגער צאָפּ.

ערשט ארום ווארעמעס, ווען די זון איז געשטאַנען אינמיטן הימל, האָבן זיי ביידע זיך אָפּגעשטעלט. זייער שטיקל פעלד איז געווען פאַראַקערט.

— נו?—האָט דעמלט געפרעגט קונדירא:—שווער צי לײַכט אזא ארבעט?

אפּ די פריערדיקע געזערעכצן האָט זיך גרייקע נישט אָפּגערופן, ער האָט זיי ניט געהערט. ער איז געווען פארטאָן אין דער ארבעט. איצט האָט ער אָפּגעווישט דעם שווייס,

אָפּגעבונדן דאָס בינטל, וואָס איז אראָפּגעהאנגען פון רימען, ארויסגענומען א שטיק ברויט, עס איבערגעבראָכן אפן צוויי העלפטן און איינגעטיילט פאר זיך און פאר דער טאָכ־טער. זיי האָבן זיךביידע אנידערגעזעצט אפן דער שמאָלער סטעזשקע לעבן פאראקערטן שטיקל פעלד און ערשט דעמלט האָט גרייקע געענטפערט קונדירען:

— שווער, צי לייכט? ניט לייכט, אָבער גוט.

גרייקע האָט געגעסן געשמאק דאָס פּיסנע ברויט, ניט געלאָזט זיך ווייטער שטערן און קאטיע האָט געזאָגט צו קונדירען:

— עפּעס ביסטו דאָך ניט פון די היינטיקע, און דו שטעלסט נאָר אזעלכע ניט קיינע קלוגע פראגעס. דריי טעג האָבן זיי געהאָלט פאר דעם פיצל פעלד איבעראקערן. נו מיר האָבן עס געטאָן אין א האלבן טאָג.

— איך ווייס, איך ווייס.—האָט קונדירא זיך פארענטפערט.—איך האָב נאָר געפרעגט אזוי זיך.

מענטשן זיינען צוגעקומען פון אנדערע שטיקלעך פעלדער, געווען נייגעריק אפן דער היינטיקע געשעעניש, געוואָלט הערן א גוט וואָרט. עמעצער פון זיי האָט געזאָגט:

— שוין לאנג האָט מען בא אונדז אזוי ניט געאקערט.

גרייקע האָט אראָפּגעשלונגען דעם לעצטן ביסן ברויט.

— שוין לאנג? נו, דאָס וואָס ס'איז אמאָל געווען, קאָן ווידער ווערן בא די היינטיקע פאראנדקעס, זיי האָבן זיך זייערע וועגן, און וואָס זיי ווילן פירן זיי אויס בא אייך. פעלד האָט איר גענומען?

— גענומען.—האָט מען געענטפערט.

— און פארזעצן וועט איר טאבאק?

— טאבאק.

— און האָבן וועט איר דערפון א ציבעלע מיט קאראָכעס.

— און דו אליין האָסט ניט גענומען בא זיי קיין פעלד?

גרייקע איז אופגעשטאנען, אָפּגעווישט די קרישקעס פון העמד.

— אויך איך האָב גענומען פעלד. ווייל וואָס, זאָל איך אויסציען די פיס? שטארבן אפן לעצטן פיסק?

— און אזוי מיר אויך, ווי דו.

— ניין. ניט ווי איך. איך האָב געזאָגט, מע זאָל ניט נעמען קיין פעלד. ארומגעלאָפן פון כאטע צו כאטע, געזאָגט. און אז מיר וואָלטן ניט גענומען קיינער, וואָלטן זיי דעמלט ווייכער געוואָרן, נעגעבן וואָלטן זיי דעמלט דאָס פעלד אויך אפן צו פארזייען קאָרן, אויך אפן צו פארזייען קארטאָפל, און וואָס איינער וואָלט געוואָלט. צי איז עס עפּשער נישט אזוי? העי?!

גרייקע האָט זיך ארומגעקוקט צו די ארומשטייענדיקע, זיי האָבן געשוויגן.

— אָבער אז איך בין געלאָפן איבער די כאטעס, געלאָפן און עס האָט ניט געהאָלפן, איז וואָס איך האָב געזאָלט טאָן? איינער אליין—העי?!

קאטיע האָט זיך ארויסגעשיילט פונעם רעדל מענטשן, אריבער צו יענעם פעלד, וווּ לוקאשס זון האָט געאקערט מיט די צוויי בולאנער. ער האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט און אראָפּגענומען פאר איר דאָס שטרויענע קאפעלושל:

— אז דו ווייזט זיך ניט פאר די אויגן, קאטיע. ניט שיין פון דיר, ביסט מיט מיר ברוגעז געוואָרן? העי, קאטיע? וואָס האָב איך דיר געטאָן?

קאַטיע האָט אימ נאָר איינמאָל אָנגעקוקט, און ווידער די אויגנ אַראָפּגענומענ פונ אימ.

— איכ בינ מיט דיר ניט ברויגעז געוואָרנ, ווײַל איכ בינ מיט דיר קיינמאָל נישט כאַחער געווענ. געוואָלט האָב איכ איצט, דו זאָלסט אונדז באָרגנ די בראָנע, מיר וועלנ שנעל איבערבראָנעווענ און זי דיר צוריקברענגענ.

— אײַ! און פאַרוואָס האָסטו נישט געוואָלט, אַז מיר זאָלנ אויכ אײַער שטיקל פעלד איבעראַקערנ?

— ווײַל דײַנ טאַטע איז מעשוגע געוואָרנ. געוואָלט דרײַ טעג מיטאַמאָל.

— אָבער דערפאַר וואָלט דײַנ טאַטע ניט געמוזט שלעפּנ דאָס אײַזנ מיט דער פּלייצע.

— בעסער איז צו שלעפּנ דאָס אײַזנ מיט דער פּלייצע, איידער אינ אײַכ אַרײַנצולייגנ בעכינעמדיקע דרײַ טעג. באָרג אונדז די בראָנע, מיר וועלנ זי דיר באַלד צוריקגעבנ.

קאַטיעס העל-רויטלעכע האָר האָבנ געגלאַנצט אינ זילבער פונ דער מיטאָקדיקער זונ, מיט די קײַלעכיקע נאַקעטע פיס האָט זי געשאַרט די פריש־צעאַקערטע ערד. לוקאַשס זונ האָט שווײַגנדיק געקוקט אַפ איר מיט נימעסדיקע גרינע אויגנ. ער האָט ניט געענטפערט.

— נו, וואָס? ווילסט נישט אַנטלײַענ?

— לאַכ מיר נישט אויס, קאַטיע. און איכ זאָג דיר נאָכאַמאָל, אַז איכ האָב דיכ ליב. יאָ, און כאָטש דו האָסט לעצטנ האַרבסט מיר אופגעשפּילט אַזאַ כאַסענע פאַר אַלעמענ אינ די אויגנ. און איכ האָב דיר עמעסדיק ליב. יאָ.

— נו, גוט. אַנטלײַ אונדז דערווײַל די בראָנע.

קאַטיע האָט פאַראַקשנט אַראָפּגעקוקט אַפ אירע שאַרנדיקע פיס.

— מיט דײַנ מאַמענ האָב איכ לעצטנס ווידער גערעדט, און דער טאַטע מײַנער האָט אויכ מיט איר גערעדט. זי וואָלט געוואָלט, זאָגט זי, אַז מיר ביידע זאָלנ כאַסענע האָבנ.

— נו, גוט. גיב מיר אַמאָל שוינ די בראָנע.

— אָבער איכ ווײס, דו האָסט ליב אַנדרושקענ און מיט אימ ווילסטו כאַסענע האָבנ.

קאַטיע שווײַגט.

— נאָר הײַנט זײַנענ געקומענ אינ הויפ פּוילישע פאַראָבקעס, און אַנדרושקענ וועט מענ פונ דאָרט אָפּלאָזנ.

קאַטיע שווײַגט.

— און אַז דו וועסט מיט אימ כאַסענע האָבנ, וועסטו נישט האָבנ פונ וואָס צו לעבנ, אַפנ פּיסק וועט איר שטאַרבנ ביידע. און בא מיר וואָלסטו— — —

איר העל־רויטער קאָפּ האָט זיכ מיטאַמאָל העכער אופגעהויבנ—ער איז אַנטשוויגנ געוואָרנ און אַראָפּגעלאָזט די אויגנ. זי האָט אַ ריס געטאָנ פונ זײַנ האַנט די בײַטש און אָנגעהויבנ אַפ אימ קלאַפּנ איבער די הענט, איבערנ האַלדז, איבערנ קאָפּ. ער האָט זיכ ניט גערירט פונ אָרט, באַטויבט געשטאַנענ ווי אַ הילצערנער סלופּ. דערנאָכ האָט זי אַוועקגעוואָרפנ די בײַטש, אויסגעשפּיגנ און צוריקגעגאַנגענ צום פאָטער.

---

דער שפּעטער טאָג איז אַרויס פונ טאָל און איז אַרופ אַפ די בערג—מיט יעדנ טראָט העכער, האָט זיכ דער שאָטנ הינטער אימ פאַרגרעסערט.

וואַסיל האָט אַרומגעטריבנ מיט זײַנ לאַנגנ שטעקנ די שאָפ, זיי זאָלנ בלײַבנ אַפ איינ אָרט, און אַליינ איז ער צוריקגעקראָכנ צו די אָפּגעגאָלטע פעלדזנ.

פונ אונטנ האָט ארופגעקוקט דאָס דאָרפ מילאנקע—די פילע ביימער, וועלכע האָבנ גאָר וואָס אָנגעהויבנ גרינענ, די שטרויענע דעכער, מיט שטיקער אָפּשײַנ פונ דער פאַרגייענדיקער זונ.

ארום טאָל האָבנ זיכ געהויבנ די בערג, אונ פונ בארג צו בארג האָט זיכ געצויגנ דער איינזאמער געזאנג פונ די פאסטעכער.

וואסיל מיט זײַנע שאָפּ האָט זיכ אופּגעהאלטנ אפּנ מיזרעכ־בארג, וואָס מע וויס נישט וועמענ ער געהערט: צום גראפ, אָדער צו דער דאָרפישער גמינע. דאָרט פּזרואמלענ זיכ די מערסטע פאסטעכער מיט זייערע קי, שאָפּ, ציגנ. דער בארג האָט ערטער גראָזיקע אונ ערטער מיט גאָלע פעלדזנ. אונ דאָרט אויבנ, וו ער לאָזט זיכ אויס, שטייט אפ דער לינקער זײַט אנ אלטער אײַנגעפאלענער פאלאצ. עס זײַנענ פארבליבנ בלויז שטיינערנע ווענט, הויכע טורעמס אינ אלע פינפ עקנ, מיט שמאָלע לענגלעכיקע שיס־לעכער. אונ ארום דעמ אײַנגעפאלענעמ פאלאצ וואקסנ נידעריקע קוסטעס פארפלאָנטערט געפלאָכטנ צווישנ די דינע צהײַגלעכ, שטעכיק אונ שפיציק.

ווי עס וואָלט געווענ אנ אָפּגערעדטע זאכ צווישנ דעמ אלטנ וואסיל אונ זײַנע שאָפּ, האָבנ זיי זיכ מערסטנס געהאלטנ דאָרט אײבנ, נית ווײַט פונ אײַנגעפאלענעמ פאלאצ. די שאָפּ—א ביסל נידעריקער, וואסיל—א ביסל העכער. וואסיל האָט ליב אריבערצוקוקנ דאָרט אפּ דער אנדער זײַט—עפּעס ציט אימ. דאָרט לאָזט זיכ אראָפּ דער בארג מער מעשופּע ביז הארט צום זברוטש. דאָס וואסער לויפט דאָ א ביסל מער אײַליקער, גלײַכ עס וואָלט וואָס גיכער זיכ וועלנ דערשלאָגנ צום ברייטנ דניעסטער. אפּאָגעמ, או איניינעמ גייט עס זיכ לײַכטער—אונ דאָס דערפילט אויכ דער שמאָלער, פליטקער זברוטש אפּ א מײַל ווײַט.

יונגע פאסטעכער ווארפנ דאָרט אראָפּ קליינע שטיינדלעכ אינ וואסער, הערנ זיכ אײַנ צום פּליוסק, קוקנ זיכ צו צום געדריי פונ די פילע רעדעלעכ, וואָס די ארײַנגעפאלענע שטיינדלעכ רופנ ארויס, אונ זיי פרייענ זיכ. אנדערע זיצנ דאָרט אויבנ ארום איג קליינע קרײַזנ אונ רײַסנ זיכ איניינעמ אפּנ קאָל. געצויגענע אוק־אינישע מעלאָדיעס קײַקלענ זיכ אראָפּ אפּ מילאנקע, אפּ די ארומיקע פעלדער, ווי א שווער הארצ־נאָגעניש.

וואסיל איז געזעסנ איינער אליינ אפּ א נאקעטנ, צעווארעמטנ פעלדז אונ מיט פארטראכטע אויגנ האָט ער אריבערגעקוקט צימ איינגעפאלענעמ פאלאצ.

ער האָט ארויסגענומענ פונ בוזעמ די הילצערנע פאָיארקע אונ געשפילט. טויבע טראכטעניש האָבנ זיכ געגראָבנ אינ זײַנ הוילנ קאָפּ—זיי זײַנענ אימ ארויסגעקראָכנ פונ די אויגנ—אונ ער האָט די אויגנ פארמאכט. ציטעריק האָט זיכ געטראָגנ דאָס דינע קאָל פונ דער פאָיארקע ארום דעמ זברוטש אונ געזוכט אינ דער ווײַטעניש דעמ פארלוירענעמ זונ מיקאָלע, דעמ ייִנגסטנ אונ דעמ בעסטנ. ווייכ אונ פארבענקט האָט זיכ געשפרייט דאָס צארטע קאָל פונ דער פאָיארקע.

צוויי זשאנדארנ זײַנענ געגאנגענ איבער מיזרעכ־בארג, הינטער וואסילס פלייצע זײַנענ זיי געבליבנ שטיינ. די פאסטעכער אפּנ הויכנ ראנד האָבנ אופּגעהערט צו זינגענ, זיצנדיק אינ קרײַז זיכ געקאָרטשעט אונ געקוקט מיט פארלוירענע אויגנ.

— איינ זשאנדאר האָט געזאָגט צום אנדערנ:

— צי דו זעסט כאָטש? זוכסט דעמ האָנ אונ געפינסט די הונ.

דער צווייטער זשאנדאר האָט א פריידיקנ קנאק געגעבנ מיט די פינגער:

— סערוווס, פאניע דאָבראָדזשעיו! הייסט עס, ארײַנגעשפרונגענ א געבראָטנס אינ פּיסק?

זיי האָבנ זיכ ארײַנגעקוקטביידע אינ די אויגנ, ווי צוויי לויערנדיקע יעגערס, ווענ זיי דערזעענ א פײַנטלעכנ הירש אינמיטנ פעלד. ראָזעווער גלאנצ פונ דער פארגייענדיקער זונ האָט באפארבט מילאנקע אונטנ אינ טאָל—ראָזעווער גלאנצ האָט באפארבט די פענעמער פונ די צוויי זשאנדארנ אויבנ אפנ בארג.

דינע שנירלעכ בלויע פעדים האָבנ זיכ געוועבט אינ דער לופט—אינ דער לופט האָבנ געציטערט פרילינג־פארנאכטיקע טענער.

וואסיל האָט געעפנט די אויגנ, פאוואָליע זיכ אומגעדרייט, געוואָלט זענ וואָס די שאָפ טוענ, אונ אופגעהערט שפילנ. ער האָט שנעל באהאלטנ די פאָיארקע, אראָפגענומענ דאָס היטל, אונ שטיצנדיק זיכ אפנ הויכנ שטעקנ גלײַכ אופגעשטאנענ.

די צוויי זשאנדארמענ האָבנ זיכ אָנגעקוקט אינ הויכ געלאכט.

האָסילס ליפנ האָבנ געציטערט, נאָר קיינ קאָל איז פונ זיי ניט ארויסגעקומענ. די בוילעטע רינגעלעכ פונ זײַנ באקעטנ גאָרגל האָבנ עפעס קעסיידער געשלונגענ, זײַנע לאנגע שיטערע האָר האָבנ זיכ געוויגט ווי דינע שנירלעכ ווײַסע קרעלנ.

דער ערשטער זשאנדאר האָט אימ פרײַנטלעכ־שמייכלענדיק געפרעגט:

— אזוי שפעט שוינ אינ דו זיצסט נאָכ אפנ בארג?

וואסיל האָט אונטערגעשטעלט די רעכטע האנט אונטערנ אויער.

— ער הערט נישט.—האָט געזאָגט דער צווייטער זשאנדאר.

— ווו איז מיקאָלע? דײַנ זונ?!—האָט ארײַנגעשריגנ דער סטארשי אינ זײַנ לינקנ אויער.

וואסיל האָט פאמעלעכ אראָפגעלאָזט די האנט פונ אויער, מיט פרעמדער שטוינונג אָנגעקוקט די צוויי זשאנדארנ:

— מיקאָלע? צי ער לעבט דענ נאָכ, מיקאָלע?

ער האָט ווידער שנעל אופגעהויבנ די האנט צומ רעכטנ אויער, דער סטארשי האָט ארײַנגעשריגנ אינ זײַנ לינקנ:

— אונ דאָס בלאָזנ, וואָס פארא צייכנ איז דאָס געווענ? דאָרט אריבער!

ער האָט געוויזנ מיט דער האנט אפ איבערנ זברוטש, אונ וואסיל האָט געפרעגט:

— דער זברוטש?

— נעמ אימ!—האָט געזאָגט דער צווייטער זשאנדאר, געווארט אפנ ווונק פונ דעמ ערשטנ.

— נייג, פאני דאָבראָדושעיו. מיר וועלנ פונ אימ נאָכ ארויסבאקומענ דעמ דאָזיקנ מיקאָלען. א ביסל וועלנ מיר אימ נאָכ לאָזנ לעבנ.

ווידער האָבנ זיכ ביידע אָנגעקוקט אונ הויכ געלאכט.

זיי זײַנענ אוועק פונ וואסילנ, אראָפגעגאנגענ פונ בארג.

פונ הינטער די קוסטעס, וואָס ארומ אײַנגעפאלענעמ פאלאצ, איז ארויסגעלאָפנ א פאסטעכ, אונטערגעהויבנ די הויזנ אונ פארווונדערט נאָכ געקוקט די צוויי זשאנדארנ.

די זונ איז ניט געווענ מער—א בלאָער פארנאכט האָט זיכ אראָפגעלאָזט אפ די בערג.

---

עס איז געווענ נאכט.

אפנ ווײַטנ ווענ צווישנ גראפלעכנ הויפ אונ מילאנקע האָט זיכ געטראָגנ א מאָדנע קאָל—אזא, וואָס זינגט, אונ סע הערט זיכ ווי א געוויינ. דאָס קאָל איז געווענ הייזעריק־

לעכ, צעצויגן, זיך געהויבן אמאָל העכער און אמאָל נידעריקער, ווי עס וואָלט געקומען פון א קראנקער כאיע.

אסאך פריִער איז אין קאנצעלאריע פון גראפלעכן הויף געשטאנען נאָענט צו דער טיר א גרופע אוקראַיִנישע פאראָבקעס מיט די היטלען אין די הענט, די הענט אראָפּגעלאָזט צו די פיס, מיט אײַנגעבויגענע פלייצעס מיט געקנייטשטע שטערנס. געשטאַנען ווי בידנע בעטלערס—נאָר זייערע מײַלער זײַנען געווען הארט פארשלאָסן.

העכער צו דער אנטקעגנדיקער וואנט איז געשטאנען א ברוינער, לאנגער שרײַבטיש. און הינטערן שרײַבטיש איז געזעסן דער פאן קורלאָווסקי, דער זשאָנצע, א געלע וואָנצע אפן בלייכן פּאָנעם און אף דער וואנט דאָרט האָט ארויסגעגלאנצט דאָס רויטע פּאָנעם פונעם גראף:

— נו, און אף וואָס ווארט מען נאָך?—האָט זיך נעהערט פון פאן קורלאָווסקעס געשנירלטע ליפּן. זײַנע קורצע הענט זײַנען געלעגן אפן שרײַבטיש, זײַנע פינגער האָבן זיך געשפילט מיט א פארביקער פעדער.

די אוקראַיִנישע פאראָבקעס האָבן געהאלטן די היטלען אין די אראָפּגעלאָזטע הענט און געשוויגן. איינער האָט געוואָרפן א באהאלטענעם בליק צו אנדרושקען, א צווייטער האָט געוואָרפן א בליק—און געשוויגן.

עס האָט געברענט א גרינער לאָמפּ אפן לאנגן שרײַבטיש.

דער פאן קורלאָווסקי איז געווען בלייך, גלײַך זײַן פּאָנעם וואָלט נאָר-וואָס באשיט געוואָרן מיט גרויען פודער. ער האָט געפרוווט מיט גוטן:

— איר זענט דאָך אייגענע, פון איין דאָרף, פון מילאנקע. איר זענט שכיינים, זומער-צײַט באקומען אײַערע פרויען, אײַערע שוועסטער ארבעט אפן פעלד. זיי פארדינען. און עס קאָן זיך אויך מאכן, אז זומער-צײַט זאָלט איר אליין אויך באקומען ארבעט. מע דארף לאָזן לעבן אנדערע אויך. זיי זײַנען מענטשן אזויווי איר, די פוילישע. און נישט אלע פון אײַך האָט מען אָפּגעזאָגט. נו, מיר האָבן זיך אָפּגערעכנט, באצאָלט, איר קאָנט גיין.

דאָס בלייכע פּאָנעם האָט באקומען פארב. די אוקראַיִנישע פאראָבקעס האָבן געשוויגן, זיך גערירט, איינציקווײַז זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון קאנצעליאריע. דער לעצטער האָט זיך ארויסגעריסן אנדרושקע זײַטשוק.

ער האָט זיך ארויסגעריסן פון הויף, אנטלאָפן פון די מענטשן, נישט געוווּסט וווהין די אויגן טראָגן אים. פארביקע קרײַזן האָבן זיך געדרייט פאר זײַנע אויגן, אין קאָפּ האָט געטומלט א בייזע צעריײַצטקײַט, געשווינדלט, געטראָגן אים אין דער לופט. ער האָט געלאכט און געוויינט אָן טרערן. ער האָט זיך געביסן אין די ליפּן, געצופּט די געלע וואָנצע, עטלעכע מאָל האָט ער א וואָרף געטאָן מיטן היטל—און ווידער עס אופגעהויבן. אפן ווײַטן וועג, וואָס פירט פון גראפלעכן הויף אין דאָרף ארײַן, האָט ער זיך געדרייט, געטאנצט, געטופּעט מיט די פיס און ווילד געשריגן. עטלעכע מאָל איז ער געלאָפן צוריק אין הויף ארײַן, און ווידער זיך אומגעקערט. דער הימל איז געווען טונקל, בלויע שטערן האָבן געטאנצט איבער זײַן קאָפּ.

אינמיטן וועג איז א ביסל רוִיקער געוואָרן זײַן געמיט. אין קאָפּ איז פארבליבן דער בייזער געדאנק, קאלט און פאראקטנט, אונטערצוצינדן דעם הויף, צו טוילן דאָט הארץ אין די רויטע פלאמען. קינדיש-ווייך האָט זיך דער געדאנק געלאָטשעט אין זײַן טיפן הארץ, ווי א זיכע נעקאָמע, און פארבענקט האָט זיך פון אים אויסגעריכן א וויינענדיק קאָל. ער האָט געזונגען.

די פעלדער פונ בײדע זײַטנ וועג זײַנענ געלעגנ אינ טונקעלנ שווײַגנ. די פריש־צעאקערטע ערד האָט געאָטעמט מיט אופגײענדיקנ זאפט אונ אנדרושקע זײַטשוק האָט געזונגענ.

נענטער איז געקומענ דאָס קאָל אינ דאָרפ ארײַנ אונ אלצ העכער האָט זיכ עס געהערט. עס האָט זיכ געהערט דאָס קאָל, ווי דער געזאנג אפ אנ אוקראַינישער לעוואַדיע, עס האָט זיכ געהערט ווי א געוויינ.

מענטשנ זײַנענ ארויסגעלאָפנ פונ די כאטעס, דערשראָקענע געקוקט אינ אלע זײַטנ, געפרעגט אײנער באַם אנדערנ וואָס דאָס איז. דאָס קאָל האָט זיכ געדרײט אינ דער לופט, זיכ איבערגעריסנ אונ ווידער זיכ געדרײט. שטיל געוואָרנ אונ פונ סנײַ זיכ געהערט. ביז עמעצער האָט דערקענט, אז דאָס איז אנדרושקע זײַטשוקס קאָל. אינ דאָרפ האָט מענ שוינ געוווּסט, אז עס זײַנענ אָנגעקומענ פוילישע פאראַבקעס, אז די אוקראַינישע וועט מענ אָפּזאָגנ. קאטיע האָט געכאַפּט אפ זיכ דאָס ווײַסע טיכל אונ ארויסגעלאָפנ אפנ וועג.

עס האָט זיכ געצויגנ דאָס קאָל. זי איז מער געלאָפנ ווי געגאַנגענ, באָרוועס, אינעם ברײטנ קלײד, געפּאטשט אפנ נאכטיק־פײַכטלעכנ וועג, אונ אלײנ נישט געוווּסט פארוואָס בא איר קלאפּט אזוי שטארק דאָס הארצ. ערשט העט ווײַט, דאָס דאָרפ איז טונקל פארבליבנ הינטער איר, האָט זי געזענ אפנ מיטנ וועג זיכ דרײענ א מענטש, א שפרונג אונ שטײנבלײַבנ. דעמלט האָט זיכ קײנ געזאנג שוינ נישט געהערט, נאָר מער אזא כאָרכלענ, א בײז וואָרטשענ אונ א ביטערע קלאָלע. קאטיע האָט צוערשט מוירע געהאט, נישט געוווּסט אקוראט, צי דאָס גײט דאָרט אנדרושקע, געוואָרט הינטער א בוימ, צוגעדריקט די באק צו דער קאלטער קאָרע אונ מיט די אויערנ זיכ אײַנגעהערט צומ כאָרכלענדיקנ קאָל.

אנדרושקע האָט זיכ געדרײט אפנ וועג. געשפרײט די הענט זײ געוואָרפנ ארומ זיכ מיט קאס—זײַנ הארצ האָט געציטערט ווי בא א קינד, אינ זײַנ הײסנ קאָפּ האָט עס בײז געקלאפט. אונ ער איז געבליבנ שטײנ אינמיטנ וועג. דאָס ווײַסע טיכל הינטערנ בוימ האָט ער דערקענט.

ער איז שטיל געוואָרנ. ווי עמעצער וואָלט אימ אָפּגעגאָסנ מיט קאלט וואסער. פארשעמט האָט ער אראָפּגעלאָזט די אויגנ, געזוכט אינ זײַנ צעטומלטנ קאָפּ א וואָרט, פאר זיכ, פאר קאטיענ—אונ קאטיע איז אָפּגעגאנגענ פונ הינטערנ בוימ. די הענט האָט זי פארלײגט איבער דער ברוסט—אונ דו שעמסט זיכ ניט אנדרושקא?

אָנ אנטשלאָסנקײַט איז ער געשטאנענ אפנ זעלבנ אָרט, זיכ נישט גערירט, געציטערט מיט די לאנגע פיס. קאטיע איז צו אימ צוגעגאנגענ אונ ארופגעלײגט א האנט אפ זײַנ געבויגענעמ אקסל:

— איכ ווײס, אנדרושקא, אז דאָס טוט דיר ווײ, וואָס מע האָט דיכ אָפּגעלאָזט פונ הויפ. איכ ווײס, אנדרושקא, אָבער דו ביסט דאָכ נישט קײנ קינד.—פּלוצעמ האָט זי פארוואָרפנ די הענט ארומ זײַנ האלדז, אראָפּגעדריקט זײַנ קאָפּ צו איר ברוסט, אימ געקושט. אפ זײַנע באקנ האָט זי געפילט נאַסע טרערנ.

די פריש־צעאקערטע ערד האָט געאָטעמט מיט אופגײענדיקנ זאפט.

## זומער

דער טאָג, א סאָמ יולי־טאָג האָט זיכ געשמאָלצנ אינ דער העלער זונ. אינ דאָרפ זײַנענ די כאטקעס געשטאנענ האלב־לײדיקע, קלײנע קינדער האָבנ זיכ געשפּילט פאר די אָפענע טירנ. דאָס דאָרפ האָט געדרעמלט אינמיטנ העלנ טאָג.

ארום דאָרף האָבן זיך געהויבן די פעלדער מיט שטיקלעך הרעשקע מיט קאַרטאָפל, מיט קוקורוזע, מיט געלע זאנגען, מיט גרינע טאבאק־בלעטער. ווי קליינע ביימלעך, געבויגענע און אויסגעלייכטע, האָבן אויסגעזען די מענטשן אף די ווייטע פעלדער. האלבנאקעטע האָבן זיי דאָרט ארויסגעפּויזעט אַ זייערע עטלעכע שפאַן ערד, מיט די הענט און מיט די פיס ארומגעפּויעט, ווי אויסגעהונגערטע, ווילדע כאַיעס. די זון האָט געברענט א גאנצן טאָג.

עס איז געווען שוין שפּעט באנאכט, דאָס דאָרף מילאנקע איז געשמאַק געשלאָפן, ווען מיקאָלע האָט אָנגעקלאפּט בא גרייקען אין נידעריקע פענצטער. די פיר קליינע שייבלעך האָבן א ציטער געטאָן, די לעוואָנע האָט געוואָרפן א געלע שיין אפן גרינעם גלאָז. מיקאָלע האָט נאָכאמאָל אָנגעקלאפּט, און גאָר שטיל, מע זאָל נישט הערן אף קיין צוויי שריט ווייטער.

עס האָט לאנג געדויערט ביז די שווערע טיר האָט זיך געעפנט, דערנאָך האָט זיך קאַטיע באוויזן אינעם לאַנגן ווייסן העמד אף דער שוועל. זי האָט זיך דערשראָקן און געוואָלט שנעל ווידער פארמאכן די טיר. נאָר מיקאָלע האָט א זאָג געטאָן:

— ווארט. וואָס אנטלויפסטו? האָסט נאָך נישט געזע. ווער איך בין.

זי האָט א רייב געטאָן איבער די פארשלאָפענע אויגן און מער ארויסגעבויגן דעם קאָפּ.

— נו? און איצט דערקענסטו מיך, אָדער—?

— איך? ניין.—האָט קאַטיע ג־זאָגט און געהאלטן די טיר מיטביידע הענט.

— גיי רוף דעם טאטן דיינעם, וועט ער שוין וויסן ווער איך בין.

איבער די גערטנער האָבן געגרילצט די גרילן, מיקאָלע האָט געשטעלט נענטער א טראָט.

קאַטיע האָט אָפּגעלאָזט די טיר, פארוואָרפן די הענט איבער דער ברוסט. א קורצער דרעטש איז גלאָפן איבער איר קערפּער. זי האָט שטיל געשעפּטשעט:

— או! ווי דאָס הארץ קלאפּט.

מיקאָלע איז שוין געשטאנען לעבן שוועל, געשמייכלט:

— און פארוואָס קלאפּט עס?

קאַטיע איז ארייַנגעלאָפן אין שטוב, געלאָזט די טיר שטיין אָפן.

מיקאָלע האָט זיך אומגעקוקט, אריין דורך דער אָפענער טיר—און פאר אים איז שוין געשטאנען גרייקע. געשטאנען אין די הוילע גאטיעס, אָנעם העמד, מיט דער ברייטער ברוסט פאר מיקאָלעס אויגן. מיקאָלע האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, שווייַגנדיק אָנגעקוקט זיי אנטקעגן. אין שיין פון דער האלבער לעוואָנע האָט אים גרייקע באלד דערקענט, ארומגעכאפּט מיט ביידע הענט:

— מיר ווארטן שוין לאנג אף דיר.

און אפן אָרט האָט ער פאר אים אויסגעשיט אלץ:

— אָפּגעריסן זייַנען מיר די גאנצע צייט, נישטאָ גאָר קיין פארבינדונג. און דאָ, הייסט עס, אז דו קומסט, שוין כאראָשים, אז מע רעדט דערפון. אין דו קומסט נישט. דאָס דאָרף ווארט, מיר וועלן געשוואָלן פאר קאס, און דו קומסט נישט, און קיין פארבינדונג איז נישטאָ.

— ווארט.—האָט מיקאָלע געזאָגט, זיך באפרייט פון גרייקעס נאקעטע, פעסטע הענט— לאָז ערשט כאפּן אָטעם. אָט, דיין קאַטיע האָט זיך דערשראָקן. און ווו איז זי איצט?

— אָט דאָ בינ איכ.—האָט זיכ געהערט פונ טונקעלנ אלקער.

— אונ ווער איז נאָכ בא דיר אינ שטוב?—האָט מיקאָלע געפרעגט.

גרייקע האָט איצט שנעל אָפגעווישט די באנק לעבנ פענצטער, צוגעפירט מיקאָלענ בא דער האנט, געצוווּנגענ אימ זיצנ.

— אונ איצט זע איכ טאקע דײַנ פּאָנעם, נאָכ גוט, וואָס די האלבע לעווּאָנע שטייט לעבנ פענצטער. שווארצ ביסטו. אונ ווּ ביסטו אזוי שווארצ געוואָרנ? הע? אונ אזוי דאר? עס איז דאָכ נישט געבליבנ גאָרנישט פונ דיר!

מיקאָלע האָט א וויש געטאָנ איבערנ פּאָנעם:

— גיט עפּעס צו עסנ. פאראנ אינ שטוב?

— אָכ, יאָ-יאָ־יאָ. אווארע. פאראנ. הע׳, באבא. שטיי אופ. שנעל! א גאסט איז בא אונדז. אכ, וואָס פאר א גאסט!—ער האָט זיכ געזעצט לעבנ מיקאָלענ אפ דער באנק, ארומגענומענ אימ מיט דער האנט.—פאראנ, פאראנ. באלד וועט מענ דיר געבנ עסנ. ביסט הונגעריק, הע?

אינ ווינקל האָט זיכ גערירט א געשטאלט. אראָפּגעוואָרפנ פונ זיכ עטלעכע לאכעס, געוויזנ א צעשויבערטנ קאָפּ האָר אונ געקרעכצט. גרייקע איז דאָרט אינ ווינקל צוגעגאנגענ אפ א רעגע, געזאָגט צומ ווײַב:

— אונ דו דערשרעק דיכ נישט, אלטע. דאָס איז דאָכ ער, מיקאָליטשקע אונדזערער. נאָר שווײַגנ זאָלסטו אויכ. אונ שווײַגנ, הערסט? איצט גיי, גיב אימ עפּעס צו עסנ. גיי ביי!

אונ ווידער לעבנ מיקאָלענ:

— דו, מיקאָליטשקע, ווי מיר האָבנ געוואַרט אפ דיר! אָכ, ווי מיר האָבנ געוואַרט! אונ דײַנ טאטע לעבט נאָכ, דער אלטער. לעבט אונ איז געזונט.

— זאָג, גרייקע. איכ קענ דיר פאר א רוזקנ, פאר א בארעכנטנ. עפּעס איצט שורגעטשט מיר צופיל ארומ. נאָר איכ ווייס. דאָס איז אוודאי די פרייד וואָס איכ בינ געקומענ. הע?

— אווארע, אווארע. די פרייד, די פרייד. אכ, אונדזער מיקאָליטשקע!—ער האָט אימ ווידער ארומגעכאפּט מיט בײדע הענט.—אונדזערע נעשאָמעס הענגענ שוינ אראָפּ פונ די נעז. טאבאק, טאבאק האָט זיכ זיי פארגלוסט. דו האָסט אווארע שוינ געהערט, ווײַל אינ די אנדערע דערפער אויכ אזוי. אָבער בא אונדז, מיקאָלא, איכ זאָג דיר. וויפל איכ האָב גערעדט, עס האָט נישט געהאָלפנ.

מיקאָלע האָט אימ איבערגעריסנ:

בא דיר אינ כאטע ווער איז נאָכ? אכוץ דיר, דײַנ ווײַב, דײַנ טאָכטער, הע?

— קיינער נישט.—האָט גרייקע געזאָגט, באטראכטנדיק מיקאָלענ פארוווּנדערט—פאר וואָס מיינסטו עס, הע?

— איכ מיינ נישט, איכ פרעג.

די גרייקאָווע האָט צוגעטראָגנ א שטיק ברויט מיט א טעפּל קאלטנ באָרשטש, אנידערגעשטעלט אפ דער באנק. אויסגעבויגנ דעמ צעשויבערטנ קאָפּ אונ אָנגעקוקט מיקאָלענ. געשמייכלט, געדרייט מיט דער נאָז, מיטנ קאָפּ אונ שנעל אָפּגעווישט די האנט, דערלאנגט מיקאָלענ.

— נו, באבא, דערקענסט אימ, אָדער? הע? דעמ עמעס זאָג.

— איכ דערקענ, דערקענ, דערקענ. פארוואָס נישט? אָכ, אויסגעוואָקסנ מיקאָליטשקע אונדזערער, אויסגעוואָקסנ. אָכ־אָכ־אָכ, וויפל יאָרנ.

מיקאָלע האָט געביסנ אינ שטיק ברויט, ווי א קינד האָט ער געשמייכלט.

— אויסגעוואָקסנ! גיי, דו באבא.—דער מאנ האָט זי אָפגעשטופט מיט כייזעק.—גיי, גיי. וואָס דו פארשטייסט שוינ. אויסגעוואָקסנ איז ער נאָך פארנ קריג, ער איז דאָך געווענ אינ מילכאָמע. אונ דו—אויסגעוואָקסנ!

— נא! קריגט אײַך נישט,—האָט מיקאָלע געזאָגט.—א ביסל גערעכט איז זי אויך, די מאמושקע. איך בינ אויסגעוואָקסנ, גרייקע, נאָר אינ אנ אנדערער זײַט.

די גרייקאָווע האָט געפרעגט א פארשעמטע:

— אונ וווּ ביסטו עס געווענ די גאנצע צײַט, מיקאָלא? הע?

מיקאָלא האָט געשמאַק געביסנ אינ ברויט, צוגעטרונקענ באָרשטש.

— דעמ באָרשטש מאכסטו גוט, מאמושקא, זייער גוט.

— נו, גיי, גיי.—האָט זי גרייקע געטריבנ.—מיר דארפנ דאָ עפעס ריידנ.

זי האָט פארכידעשט געשאָקלט מיטנ צעשויבערטנ קאָפּ, אוועק אינ ווינקל, זיך אנידערגעלייגט.

— עס, עס.—האָט גרייקע געזאָגט.—ביסט הונגעריק. עס, עס.

— אונ דײַנ קאטיע האָט נאָך נישט כאסענע געהאט?—האָט מיקאָלע געפרעגט.

פונ ווינקל האָט זיך אָפגערופנ די מוטער:

— מיט דער מויד איז א בידע, האָט זיך ארײַנגעקלאפט אינ קאָפּ אנדרושקענ, אונ ער האָט נישט קיינ ארבעט, נאקעט ווי די נאכט. מיט דער מויד איז א בידע.—זי האָט געקרעכצט.

— דו שווײַג, מאמע.—האָט פונ אלקער ארײַנגערופנ קאטיע.

אונ עס איז שטיל געוואָרנ.

מיקאָלע האָט ארויסגעקוקט דורכנ פענצטער, געזעג די האלבע לעוואָנע צווישנ די ביימער. ער איז פריִער געגאנגענ ארומ דאָרפ, געוואָלט אויסמײַדנ יעדנס לעבעדיקע באשעפעניש, געגאנגענ מיטנ כעלד, צווישנ די גערטנער, מוירע געהאט פאר דער לעוואָנע. איצט איז אימ גוט אפנ הארצ. איבערגעקומענ די ערשטע שרעק, האָט ער געטראכט, דאָס אנדערע וועט שוינ זײַנ גוט.

גרייקע האָט געשוויגנ, געקוקט אפ מיקאָלעס פארשווארצט פאָנעמ, אפ די אײַנגעפאלענע באקנ, שטילשווײַגנדיק געפרייט זיך מיטנ גאסט. אונ מיקאָלע האָט זיך דערמאָנט:

— איר זענט אָפגעריסנ, זאָגסטו? דאָס לעצטע מאָל האָט מענ דאָך בא אײַך אינ מילאנקע צוויי ארעסטירט, יאָ? נו זעסטו. אונ נישט יעדער קענ אוועק אינ דאָרפ. דאָ דארפ מענ האָבנ אייגענע מענטשנ. אונ אזויפיל האָבנ מיר נישט.

גרייקע האָט אָפגעזיפצט, אָנגעווישט דאָס מויל:

— דאָס, וואָס דו ביסט געקומענ, איז זייער גוט, זייער גוט. נאָר די זשאנדארנ זוכנ דיך.

— נו, מיך זוכנ זיי אומעטומ.—האָט מיקאָלע געזאָגט גאָר פאָשעט.

גרייקע האָט ווידער אָפגעזיפצט, ווידער אָנגעווישט דאָס מויל:

— אונ זיי טשעפּענ זיך צו דײַנ אלטיטשקענ. אך, טשעפּענ זיך. שוינ עטלעכע מאָל האָבנ זיי אימ גענומענ, אויסגעפרעגט, געשלאָגנ.

— געשלאָגנ?

גרייקע האָט טרויעריק געשאָקלט מיטנ קאָפּ, געזיפצט. מיקאָלע האָט ארויסגעקוקט דורכנ פענצטער, געפרעגט:

— אונ פאראָבקעס האָט מענ בא אײַך אינ הויפ אָפגעלאָזט?

— אָפּגעלאָזט. אונ וויאַזוי ווייסטו עס, הע?—פאַרוווּנדערט האָט ער באַטראַכט מיקאָלען.

— איכ ווייס נישט.—האָט מיקאָלע געזאָגט.—איכ פרעג. אונ זיי האָבנ אראָפּגעבריסנגט פּוילישע, יאָ? נו, זעסטו?

גרייקע האָט געזיפצט. אונ פונ ווינקל האָט די גרייקאָווע אריבערגערופנ:

— בעסער זאָל ער זיכ ליגנ שלאָפנ, מיקאָלע, ער איז דאָכ מיד פונ וועג.

גרייקע איז אופגעשטאַנענ:

— יאָ, יאָ, קומ, איכ וועל דיר מאַכנ א געלעגער.

— זאָג, אונ קונדירא וויאַזוי איז?—האָט מיקאָלע נאָכ געפרעגט.

— קאַנדירא? ווי געווענ.—האָט גרייקע געענטפערט:

אונ פאַרטאָג, ווענ דער לעצטער שאָטנ איז אַוועק פונ פענצטער, איז גרייקע ארויס פונ שטוב. געגאַנגענ צו עטלעכע מענטשנ.

---

מיקאָלע איז ניט פאַרבליבנ בא גרייקענ. א גאַנצנ טאָג איז ער געזעסנ בא אימ אינ אַלקער, די שייַנ ניט געזענ, באַנאַכט איז ער אריבער צו קונדירענ. אזוי איז אָפּגערעדט געוואָרנ צווישנ די עטלעכע מענטשנ, וועלכע האָבנ געמעגט וויסנ, אז מיקאָלע איז אינ דאָרפ. געטראָפנ זיכ אפנ פעלד, אזוי צופעליק, אונ דאָרט האָט קונדירא געזאָגט, אז נאָר בא אימ זאָל ער זייַנ—„איכ בינ א קלויסטערניק, האָט ער געזאָגט, וועגנ מיר וועט קיינער ניט טראַכטנ, אז איכ בינ דאָרט מיט עמעצנ פאַרבונדנ, זאָל ער זייַנ בא מיר“. אונ באַנאַכט איז ער אריבער צו אימ.

אינ שטוב איז געשטאַנענ דער גערוכ פונ הייליקנ ווייַרעכ, די ווענט זייַנענ געווענ באַהאַנגענ מיט געטלעכע בילדער, קונדירא איז געווענ איינער אַליינ, אָנ א ווייַב, אָנ קינדער. מיקאָלע איז דאָרט אריַינגעקומענ צוזאַמענ מיט גרייקענ, זיכ אומגעקוקט אונ גע־געבנ קונדיראַנ די האַנט:

— בא דיר וועל איכ זייַנ זיכער, דאַכט זיכ. דו וווינסט אינ הימל, קונדירא, אונ אינ הימל, זאָגנ מענטשנ, קאָנ מענ ניט אריַינקומענ. עמעס?

קונדירא, ווי זייַנ טעווע, האָט ווייניק גערעדט, אויכ אפ מיקאָלעס באַגריסונג נאָר געשאָקלט מיטנ קאָפּ, געעפנט די טיר צומ טונקעלנ אַלקער, אָנגעצונדנ א ליכט. דאָרט אריַינגעגאַנגענ מיט מיקאָלענ אונ מיט גרייקענ. דאָ איז שוינ געווענ צוגעגרייט א בעט, א טישל, א באַנק.

— דאָס וועט זייַנ דייַנ שטוב.—האָט ער געוויזנ מיקאָלענ.—אויב בא מיר וועסטו ניט זייַנ זיכער, ווייס איכ שוינ ניט בא וועמענ.

אונ אזוי איז פאַרבליבנ.

באַטאָג איז מיקאָלע געשלאָפנ, באַנאַכט האָט ער אָפּגעהאַלטנ זייַנע קאָנפערענצנ. צוערשט מיט איינעמ, דערנאָכ זייַנענ צוגעצויגנ געוואָרנ נאָכ אַנדערע, פונ די פאַראַבקעס איז געקומענ אַנדרושקע אונ דער יונגער ס־שליק. דאָס אַלצ האָט געדויערט געציילטע טעג. אונ מיקאָלע האָט באַשלאָסנ ארויסגיינ אפ ברייטערער ארבעט. דאָס ערשטע האָט מענ גערופנ א קליינע פאַרזאַמלונג פונ אויסגעקליבענע מענטשנ אפנ צווינטער.

א רינער, קילער רעגנ האָט אראָפּגעטריפט פונ די ביימער, די טיפ־אראָפּהענגענדיקע צווייַגנ האָבנ קעסיירער איפּגעציטער־ט אינ לייַכטנ ווינט אונ א שיט געטאָנ א גריכטנ גאָס אפ די באַגראָזיקטע קליינע בערגלעכ. אינ דער טונקלעניש האָט מענ קוימ ארויסגע־

זענ די קליינע אײַנ־עשרומפענע בערגלעכ, ווי זיי וואָלטנ זיכ צוגעדריקט איינער צום אנדערנ. אונטער יעדנ בערגל איז געלעגנ א מענטש, אפ יעדנ בערגל איז געשטאנענ א הילצערנער ציילעם. עס איז געווענ א טונקלע נאכט. עס איז געווענ שטיל.

אפנ צווינטער איז געקומענ צוקריכנ אנ אײַנגעבויגענער, צונויפגעקאָרטשעטער מענטש, פאוואָליע זיכ געררוקט מיטנ לאנגנ שטעקנ אונ יעדעס מאָל א שטארקנ ציטער געטאָנ. דאָס איז געווענ דער אלטער וואסיל, מיקאָלעס פאָטער. איינמאָל האָט ער זיכ שוינ געזעגנ מיטנ זונ. טאַקע בא זיכ אינ שטאל, אנדרושקע איז דאָרט אהינגעקומענ מיט מיקאָלענ. דעמלט האָט דער אלטער געוויינט די גאנצע צײַט, ניט געקאָנט אויסריידנ קיינ איינציק וואָרט, קעסיידער זיכ געטוליעט צום זונ אונ אים געטרייסלט ווי א קליינ יינגל. מיקאָלע האָט אים דערציילט, אז דער עלטערער ברודער, סטעפאנ, איז אפ דער אנדער זײַט, אינ סאָוועט־רוסלאנד, עס גייט אים דאָרט ניט שלעכט, ער האָט דעמ אלטנ דערציילט, אז אים אליינ גייט אויכ ניט שלעכט, וואָס ער טוט האָט ער אים ניט געזאָגט. דער אלטער האָט געפישטשעט מיט די ווייכע יאסלעס, אפ זײַנ געלבלעכ־צעשפּאָלטנ פּאָנעם האָבנ זיכ געקײַקלט די טרערנ. מיקאָלע האָט אים געמוזט צוזאָגנ, אז איידער ער וועט אוועק פונ דאָרפ וועט ער זיכ מיט אים נאָכאמאָל זענ. עס זײַנענ פארגאנגענ טעג, אונ דער אלטער וואסיל האָט זיכ צורעכטגעמאכט א גאנצע פראָגראמ וויאזוי ער זאָל קאָנענ ווידער צוזאמענ לעבנ מיטנ איינציקנ זונ, וואָס איז אים פארבליבנ. ווענ דער פארזאמלונג אפנ צווינטער האָט ער אזוי לאנג געמוטשעט אנדרושקענ, זײַנ בעסטנ פרײַנט אינ דאָרפ, ביז ער האָט אים געמוזט דערציילנ ווו זי קומט פאָר. איצט איז ער געקומענ אפנ צווינטער זיכ זענ מיטנ זונ. ער איז געווענ איינער פונ די ערשטע.

אביסל איז ער ארומגעגאנגענ איבער די באוואָקסענע שמאָלע סטעזשקעס, צווישנ די אײַנגעשרומפענע בערגלעכ, אָנגעזאפּט זיכ פול מיט וואסער פונ די טריפנדיקעביימער אונ צום סאָפ זיכ אנידערגעזעצט אפ דער נאסער ערד. דערנאָכ האָט דאָכ געדויערט א היפשע צײַט ביז אנדערע זײַנענ געקומענ. איינציקווײַז אונ פונ פארשיידענע זײַטנ האָבנ זיי זיכ באוויזנ אפנ שטאָק־פינצטערנ צווינטער, באהאלטנ זיכ געשארט מיט א זײַט, לעבנ דער קרומער וואנט, אונ ערגעץ פארשווונדנ געוואָרנ.

דער אלטער וואסיל איז געזעסנ אפ דער נאסער ערד, געשטרעקט דעמ לאנגנ האלדז אינ אלע זײַטנ, געפינטלט מיט די שוואכע אויגנ אונ ניט געזענ קיינעמ. אפ זײַנ לאנגער נאָז האָט קעסיידער אראָפּגעטריפט א נאסער טראָפּנ, אונ אז ער האָט אמאָל א ויש געטאָנ איבער דער נאָז, דעמלט האָט זיכ אים גראָד אויסגעדאכט, אז ערגעץ ווו טראָגט זיכ א שאָטנ, טונקל אונ לײַכט, אונ מער זעט ער אים נישט. וואָס וועט דאָס זײַנ?—האָט וואסיל אינ זיכ ארײַנגעטראכט, זיי קומענ אונ ווערנ ניט, ווו קומענ זיי אהינ אלע? די טונקלע נאכט איז געשטאנענ פאר וואסילס אויגנ, צענ טריט ווײַטער פונ זיכ האָט ער נישט געזענ גאָרנישט.

א שווערער, קורצער דונער האָט א זעץ געטאָנ. אונ באלד האָט זיכ א צווייטער נאָכגעקײַקלט פאמעלעכ אונ שווער, ווי א שווערער האָלצ־פאס איבער גרויסע שטיינער בארג־אראָפּ. אונ מיטאמאָל איז ער צעשאָטנ געוואָרנ אפ דרויב. דער בערגלדיקער צווינטער האָט אופגעציטערט, אָפּגעאָטעמט, אונ ס'איז שטיל געוואָרנ.

וואסיל איז געזעסנ אײַנגעקאָרטשעט אפ דער נאסער ערד, אפ זײַנ לאנגער נאָז האָבנ אראָפּגעטריפט נאסע טראָפּנס. נישט אנדערש, האָט ער געטראכט, די פארזאמלונג וועט טאַקע זײַנ ערגעצ־ווו, אָבער ניט אפנ צווינטער.

דער אלטער וואסיל האָט טיפ געזיפצט.

און פונדעסטוועגנ האָט זיכ א מענטש צו אימ דערנעענטערט.

וואסיל האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפּ, אָנגעשטרענגט די אויגנ—און הויכ איבער אימ האָט ווידער א זעצ געטאָנ א שווערער דונער. ווענ ער האָט ווידער אופגעמאכט די אויגנ, האָט ער פאר זיכ געזענ אנדרושקענ.

— אָט ביסטו טאקע, דו אלטער וואַיקאָ וואסיל! און איכ זוכ דיכ און זוכ דיכ.

אנדרושקע האָט זיכ געבויגנ איבערנ אלטנ און ארײַנגעלאכט אינ אימ א פול געלעכטער.

וואסיל איז פאמעלעכ אופגעשטאנענ. ער האָט געדרייט מיטנ נאסנ קאָפּ, געפּרייט זיכ ווי א קינד, וואָס אנדרושקע האָט אימ טאקע ניט אָפּגענארט און געקלאפּט אימ איבערנ פּלייצע: הע-הע-הע! הע־הע־הע!

— קומ, קומ,—האָט אנדרושקע געטריבנ.—זיי האָבנ שוינ באלד פארענדיקט, און דו? אוועקגעזעצט זיכ ווי א קלאָצ און זיצט. שנעלער קומ, אלטיטשקער דו! נאָר זאָלסט ניט זאָגנ קיינעמ, אז איכ האָב דיר אויסגעזאָגט דעמ אָרט, הערסט? דו, וואַיקאָ וואסיל!

וואסיל האָט גיכ געטריפּלט מיט די לאנגע פיס, געהאלטנ די האנט אונטערנ רעכטנ אויער, נאָר געהערט האָט ער סײַווי דעמלט גאָרנישט. אנדרושקע איז געגאנגענ פאָרויס, דער אלטער איז אימ נאָכגעקראָכנ פונהינטנ. א בליצ האָט איבערגעשניטנ דעמ צווינטער, אפּ א רגע העל באלויכטנ די ביימער—אנדרושקע האָט געוויזנ מיט דער האנט:

— דאָרט, זעסט? גיי, גיי. און איכ וועל א לויפ טאָנ פונ דער אנדערער זײַט, פארשטייסט?

אנדרושקע האָט זיכ א לאָז געטאָנ צווישנ די ביימער, דער אלטער וואסיל האָט געטאפּט מיטנ לאנגנ שטעקנ און א ביסל ווײַטער פונ דער פארזאמלונג זיכ אָפּגעשטעלט.

מיט גרויס פארוווּנדערונג האָט ער געקוקט אפּ די מענטשנ, וואָס שטייענ דאָרט ווי טונקעלע שאָטנס איינער לעבנ אנדערנ, און ניט זיי מאכנ עפּעס מיט די הענט און ניט זיי באוועגנ זיכ—אז זיי ריידנ, האָט ער ניט געהערט. ווונדערלעכ איז איצט פאר אימ אויסגעוואָקסנ זײַנ זונ מיקאָלע, וועלכער האָט זיכ ארויסגעריסנ פונ ארעסט, וואָגלט ארומ צווישנ די דערפער, האָט ניט קיינ מוירע פאר די זשאנדארנ, און אומעטומ ווו ער באווײַזט זיכ פרייענ זיכ די מענטשנ און ריידנ פונ באפרײַונג, פונ דערלײַכטערונג, פונ א בעסער לעבנ. ווונדערלעכ איז איצט דער זונ פאר אימ אויסגעוואקסנ שוינ אינ זײַנ קינדהײַט. ער איז ניט ארומגעלאָפנ אזוי ווי אלע קינדער מיט פוסטע זאכנ, נאָר געהאָלפנ אינ שטוב דער מוטער מיט וואָס ער האָט געקאָנט, געהאָלפנ דערנאָכ אפּנ שטיקל פעלד, ווי קליינ ער איז געווענ, געארבעט ווי א גרויסער, און אלצ לעבנ דער מוטער, ארומ דער מוטער, עס זאָל איר זיינ לײַכטער. און געזונט איז ער געווענ. געזונט און קלוג. קלוג איז ער געווענ, אַכ—קלוג! די דורכגעווייקטע בונדע האָט געקראצט דעמ אַלטנס ביינערדיק לײַב, ער האָט געהאלטנ צוגעמאכט די אויגנ, און פאר זיכ געזענ נאָר מיקאָלענ, נישט קיינעמ, נאָר מיקאָלענ— — —

אנדרושקע האָט זיכ שטילערהײַט צוגעשארט צו דער גרופּע מענטשנ, אנ ערעכ צוואנציק, און שנעל זיכ אײַנגעהערט וואָס מיקאָלע האָט דאָרט גערעדט. די מענטשנ זײַנענ געשטאנענ צונויפגערוקט אינ אנ ענגער קופּע, די קעפּ צונויפגעטוליעט ווי די שאָפּ, ווענ עס איז זיי קאלט, און ניט הויכ, אָבער דײַטלעכ, האָט מיקאָלע גערעדט.

א העלער בליצ האָט איבערגעריסנ מיקאָלעס רייד, אינ זײַנ טונקל-פארנעצט פּאָנעמ

האָבנ געברענט שארפע אויגנ, אנדרושקע האָט זיי א כאפ געטאָנ אונ זיכ געפרייט װאָס ער זעט אימ, מיקאָלען. אָבער באלד נאָכנ בליצ האָט זיכ געברעקלט א דונער, צעשפריצט געװאָרנ אינ הייסע פונקענ איבער די קעפ. מיקאָלע האָט װײַטער גערעדט — —

נאָר פלוצימ האָט זיכ אראָפגעלאָזט א גאָס־רעגנ אונ גלײַכ מיט אוא געװאלט, װי א טײַכ װאָלט זיכ געעפנט איבערנ קאָפּ. עס האָט געגאָסנ דאָס געדיכטע װאסער אינ געאײַלעניש אונ מיט א געקלאפערײַ איבער די ביימער, איבער די צװײַגנ, איבער די קעפ. קיינער האָט זיכ פונדעסטװעגנ ניט גערירט פונ אָרט, מע האָט געטאָפּטשעט מיט די פיס, שטילערהייט געשאָלטנ אונ געבליבנ שטיינ. מיקאָלע האָט גערעדט — —

אונ געװאָלט פארענדיקנ:

— נו, עס רעגנט אביסל צו שטארק, מיר קאָנענ דאָ לענגער ניט בלײַבנ. אויב איר װעט פארשטיינ צו שװײַגנ, װעלנ מיר האָבנ אזעלכע פארזאמלונגענ נאָכ מער װי איינע — — —

דער יונגער סושליק האָט אימ איבערגעריסנ, געקומענ צולויפנ פונ דער װאכ, װו ער איז געשטאנענ בא דער אומגעפאלענער װאנט, דורכגעריסנ זיכ צו מיקאָלענ:

— עמעצער קריכט ארופ דאָרט פונ טאָל, פסמ!

עס איז שטיל געװאָרנ א מינוט, מע האָט געהערט שטארקער קלאפנ דעמ רעגנ.

— גייט זענ, צװיי פונ אײַכ, מיר װעלנ דאָ װארטנ—האָט מיקאָלע געזאָגט.

עס זײַנענ אװעק דרײַ-פיר אונ סושליק פאָרויס, שנעל געלאָפנ איבער דער גליטשיקער, נאסער ערד, איבערנ גלאנציקנ גראָז, אװעק פונ די אויגנ. מיקאָלע האָט אָנגעזאָגט די פארבליבענע, זיי זאָלנ בלײַבנ רויִק, ניט אָנמאכנ קיינ שרעק, אונ אויב עפּעס אזוינס װעט זיכ ארויסװײַזנ, זאָלנ זיי אװעק אינ דער אנטקעגנדיקער זײַט, שטיל, שנעל, נאָר אָנ געשריי.

אנדרושקע איז ניט אװעק מיט די אנדערע, געבליבנ אפ אנ אָרט. ער האָט געפילט, אז אויב ער װעט אװעק, װעט זײַנ ניט גוט, אויב ער װעט עמעצנ דאָ כאפנ, װעט ער אימ צעברעכנ די ביינער—אונ מיקאָלע האָט מיט אימ שוינ עטלעכע מאָל גערעדט װעגנ אזעלכע זאכנ.

װידער איז סושליק צוריקגעקומענ דער ערשטער, פארסאָפּעט, מיט א טונקל־בלייכ פּאָנעמ:

— א זשאנדאר. מיר האָבנ אימ געזענ. פסמ!

די אײַנגעקאָרטשעטע מענטשנ האָבנ זיכ א ריר געטאָנ, מיקאָלע האָט געװיזנ מיט דער האנט:

— אהינ! אונ שטיל, ניט לויפנ, ניט שרײַענ.

װי אויסגעװאָקסענע פלעדערמײַז זײַנענ די מענטשנ זיכ צעפלויגנ אינ אלע זײַטנ.

דער אלטער װאסיל האָט געעפנט די אויגנ אונ זיי װידער צוגעמאכט, געעפנט אונ צוגעמאכט. װאָס עס איז פאָרגעקומענ בא די דע־בײַיקע מענטשנ האָט ער ניט געזענ, ניט געהערט, ניט פריִער, ניט איצט. זיי זײַנענ אלע אװעק אונ ער איז געבליבנ. דער זשאנדאר איז ארופ אפנ צװינטער, פאמעלעכ, מיט אָפּגעהיטע טריט געקראָכנ איבער די צעװייקטע בערגלעכ אונ זיכ אָפּגעשטעלט. דער װעג ארופ מיטנ טאָל איז געװענ שװער, גליטשיק, עטלעכע מאָל האָט ער זיכ אויסגעצויגנ אינ דער גאנצער לענג, מיט דער ביקס אונטערנ בויכ. איצט האָט ער זיכ אומגעקוקט, געװאָרפנ די גענײַװישע אויגנ אינ אלע

זײַטנ, קײנעמ ניט געזענ, געגאנגענ װײַטער. א צוויי שריט פאר דעמ אלטנ װאסיל האָט ער זיכ ווידער אָפּגעשטעלט, א שפרונג געטאָנ אונ אימ אָנגעכאפּט בא דער האנט: „אאא!"

דער זשאנדאר האָט זיכ געפרייט וואָס אײנעמ האָט ער באקומענ, געהאָפּט, אז איצט וועט אימ אויכ געלונגענ די אנדערע צו כאפּנ. הײזעריקלעכ האָט ער ארײַנגעשריגנ אינ וואסילס פארגליווערט פּאָנעמ:

— הער, דו! ווו זײַנענ די אנדערע? העז!

וואסיל האָט געהויבנ די שפּיציקע אקסלענ, ניט געוווּסט וואָס מע רעדט צו אימ, ניט געוווּסט וואָס דאָ איז געשענ. דער זשאנדאר האָט אימ א שלעפּ געגעבנ בא דער האנט אונ מיט אימ אוועק איבערנ טונקלענ צווינטער.

אנדרושקע האָט זיכ דערמאָנט, אז דער אלטער וואסיל איז געבליבנ אײנער אלײנ אונ ער איז באלד צוריקגעקומענ. פונהינטנ האָט ער געזענ, אז דער זשאנדאר פירט אימ. לײַכט, אפ די שפּיצ פיס, האָט ער זיכ צוגעשארט אונ מיטאמאָל זיכ געוואָרפנ אפנ זשאנ-דאר. וואסיל האָט זיכ דערשראָקנ, זיכ אָפּגערוקט, אונ מיט פארנעפּלטע אויגנ געקוקט ווי צוויי מענטשנ וואלגערנ זיכ אפ דער ערד, פּאטשנ איבערנ נאסנ גראָז מיט די פיס, מיט די קעפּ. דער אָטעמ האָט זיכ בא אימ אָפּגעשטעלט.

אונ דערנאָכ איז אנדרושקע אופגעשטאנענ, טיפ אָפּגעדעכעט אונ א ווײַטנ שפּײַ גע-געבנ צווישנ די צײנ—ציק!—„קומ, וואַיקאָ וואסיל, שנעלער".

ווענ זיי זײַנענ אוועק, האָט זיכ דער זשאנדאר אופגעזעצט, געווישט מיט די הענט איבערנ פארבלאָטיקטנ פּאָנעמ אונ טיפ אינ טונקל געשאָלטנ.

דעמלט האָט שוינ דער רעגנ אופגעהערט צו גיסנ, פונ די פולע צווײַגנ זײַנענ גערונענ לאנגע שנירלעכ ווי דינע רעגנ־ווערימ.

---

אפנ אנדערנ טאָג איז געווענ א לויפעניש איבערנ דאָרפ, די זשאנדארנ האָבנ געזוכט. ארײַנגעריסנ זיכ אינ אלע כאטעס, אינ אלע שטאלנ, קורניקעס, אומעטומ. צעוואָרפנ די שטוב־זאכנ, ווילד אונ בײז געטישטערט, אונ יעדנ געוואָרנט: אויב מע וועט מיקאָלענ ערגעצ אויסבאהאלטנ, וועט מענ שווער באשטראָפנ.

אפנ פּאָסטערונעק איז געווענ א גרויס גערודער. די זשאנדארנ זײַנענ געגאנגענ, גע-קומענ, אָפּגעגעבנ באריכטנ דעמ סטארשי. זײַנ קלײנע, ענגלישע וואָנצ האָט זיכ געקאָר-טשעט פאר קאס. ער האָט שוינ געוווּסט גענוי: אינ דאָרפ האָט זיכ געשאפנ א שטרײַק-קאָמיטעט, די וויסטע אגיטאציע האָט ארומגעכאפּט קינד אונ קײט, ווענג שטרײַק רעדט מענ אומעטומ, מע וואַרט אפנ שטרײַק. ער האָט געוווּסט גענוי, אז מיקאָלע איז אינ דאָרפ, פירט אָנ מיט די אלע זאכנ, נאָר ווו ער איז ווײס ניט קײנער, וויל קײנער ניט זאָגנ. אונ ווער עס זײַנענ די מענטשנ פונ שטרײַק־קאָמיטעט ווײס אויכ ניט קײנער, וויל אויכ קײנער ניט זאָגנ. ער איז געשטאנענ באמ הארטנ טיש אונ זיכ געבײזערט. אויכ פונ שטאָט זײַנענ געקומענ עטלעכע זשאנדארנ, געהאָלפנ זוכנ אינ מילאנקע, געגאנגענ אינ די שכײנעס-דיקע דערפער, עס האָט זיכ גאָרנישט ארויסבאקומענ. דאָס האָט אזוי אָנגעהאלטנ עטלעכע טעג.

איבער דער צײַט האָט מענ קעסײדער געבראַנגט צו שלעפּנ אפנ פּאָסטערונעק פאר-שײדענע מענטשנ, מע האָט זיי אויסגעפאָרשט, מע האָט זיי געדראָט מיט שטראָפ, זיי האָבנ נישט געוווּסט פונ גאָרנישט. אונ מע האָט זיי ווידער באפרײַט. אנדרושקעס האָט מענ צוגעזאָגט געלט, אויב ער וועט דערציילנ ווער עס האָט געשלאָגנ דעמ זשאנדאר, ווו

מיקאָלע באַהאַלט זיך אויס, ווער עס זײַנען די מענטשן פון שטרײַק־קאָמיטעט. ער האָט געענטפערט, אז געלט וואָלט ער זייער נייטיק באַדאַרפט האָבן, אָבער ער ווייס נישט ווו מיקאָלע איז, ווער עס זײַנען די מענטשן פון שטרײַק־קאָמיטעט, און ווער עס האָט צעשלאָגן דעם זשאַנדאַר ווייס ער אויך נישט. דעם אַלטן וואַסיל גרישטשוק האָט מען אַרעסטירט אין ערשטן טאָג און מע האָט אים דערווײַל נישט אַרויסגעלאָזט. דער טאָג, ווען דער אָנגעזאָגטער שטרײַק זאָל אויסברעכן, האָט זיך דערנעענטערט.

---

נאָר צו וולאַדימיר קונדירא, דעם קלויסטערניק, זײַנען די זשאַנדאַרן נישט געקומען. וואָס האָבן זיי געהאַט דאַרט צו זוכן? בײַ אַ מענטשן וועלכער דינט אין קלויסטער, קערט, פוצט, רוימט, קלינגט אין די גלאָקן אינדערפרי און בײַנאַכט, צו וולאַדימיר קונדירא זײַנען די זשאַנדאַרן נישט געקומען. ער איז געגאַנגען צו זיי. קעסיידער געגאַנגען, יעדן טאָג געגאַנגען. דערציילט אַ מעשה, געדרייט אַ קאָפּ. יעדעס מאָל עפּעס אַנדערש. אַזוי האָט אים געהייסן מיקאָלע.

קונדיראַס כאַטקע שטייט אויפן הויף פון קלויסטער. הינטער דער בלינדער וואַנט, פאַרשטעלט פון אַלע זײַטן מיטביימער, דער הויף איז אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער, שטיינערנער וואַנט, פאַרנט אויפן טויער הענגט אַ גרויסער שלאָס, אויפן וועג זעט מען די כאַטקע נישט אַרויס. קונדיראַס וואַנצע איז אָפּגעגאָלט, די ברייטע אויבערשטע ליפּ זעט איבערהויפּט אַזוי אויס, גלײַך אויף איר וואָלט גאָר קיינמאָל קיין וואַנצ נישט געוואַקסן. דאָס גאַנצע איבעריקע פּאָנעם זײַנס, געל ווי וואַקס, איז געקאַרבט מיט קליינע, ווייכע פעלבעלעך. אַ וואַקסענער מענטש, דאַכט זיך, ער ווייס פון גאָרנישט. נאָר זײַנע אויגן זײַנען גרין.

אינמיטן אַלקער הענגט אַראָפּ אַ דראָט פון דער סטעליע, אונטן איז דער דראָט געדרייט אין קײַלעכיקע רינגעלעך, אין די רינגעלעך שטעקט אַ ליכט. דער אַלקער איז שמאָל און ליידיק, קיין פענצטער איז נישטאָ. עטלעכע ברעטער, פאַר מיקאָלען אַ געלעגער, אַ טישל, אַ באַנק. אויף דער באַנק זיצט גרייקע. אויפן בעט מיקאָלע. לעבן דער פאַרמאַכטער טיר שטייט קונדירא. עס רירט זיך ניט קיין פעלבעלע אין זײַן רונדיק פּאָנעם, זײַנע אויגן, ווי גרין גלאָז, קוקן אויף די ליידיקע ווענט פון קאַמער.

אַנדרושקע איז אַרײַנגעקומען, קאַטיע, דרײַ אַנדערע. דער שטרײַק־קאָמיטעט.

מיקאָלע האָט געוואַרט ביז אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט, דערנאָך האָט ער געזאָגט צו אַנדרושקען:

— דו ווילסט כאַסענע האָבן מיט קאַטיען, אָדער נישט? הע? לאַנג וועט מען דיך נישט בעטן. קאַטיע וויל, דער פאָטער וויל, די מוטער וויל אויך, נאָר דו אַליין ווילסט נישט? הע?

אַנדרושקע האָט אַ שפּײַ געטאָן צווישן די ציין—ציק!—אַ ציפּ געגעבן בײַ דער געלער וואָנצע. ער האָט זיך אומגעקוקט, אָנגעקוקט אַלע אין אַלקער.

וואָס הייסט איך וויל נישט? איך וויל. נאָר פון וואָס וועסטו לעבן? זי האָט נישט גאָרנישט, איך האָב נישט גאָרנישט, און אַזוי איז עס.

גרייקע האָט זיך אָפּגערופן:

— איך וויל דיר דערמאָנען אָן יענער נאַכט, ווען זיי האָבן דיר אָפּגעזאָגט פון הויף. געדענקסטו? דו האָסט דעמאָלט געווילדעוועט, זיך געוואָרפן, געוואָלט אונטערצינדן דעם הויף,

אונטערצינדנ די גאנצע וועלט. אז ביסט אליינ געוועג א שטיק פײַער. ערשט קאַטיע האָט דיכ אײַנגענומענ, געלאָפנ דיר אקעגנ אזנ וועג, אונ דאָרט איז עס געשענ. אז מיט דײַנ ברענענ וועסטו גאָרנישט אופטאָנ, איז דיר באלד קלאָר געוואָרנ אינ קאָפּ, קאטיע האָט אינ דיר אײַנגערעדט, איכ האָב אינ דיר ארײַנגערעדט.

קאַטיע איז געזעסנ אפ דער באנק לעבנ פאָטער, געהאלטנ די פארפלאָכטענע הענט אפנ בויכ, געשמייכלט די גאנצע צײַט, ווי נישט זי זאָל מענ דאָ מײנענ. איצט האָט זי געזאָגט:

לאָמיר אריבער צום וויכטיקערנ, וועגנ וואָס מיר זײַנענ געקומענ. די זשאנדארנ שלאָפנ נישט.

נו, גוט. רעד דו, דערצייל וואָס דו ווייסט.

מיקאָלע האָט געוויזנ מיט דער האנט צו איינעם א דאָרפישנ. וועלכער האָט געהאלטנ זײַנ שטרויענ קאפעלושל אינ די הענט. א געדיכטע שוארצע וואָנצע מיט א רויט-אָנגע-לאָפענער הויט איבערנ גאנצנ פּאָנעם, אזוי, אז אפילע די ווײַסע אויגנ זענענ אויס ווי באלויכטנ פונעם פולנ רויט. ער האָט געדרייט דעם קליינעם קאפעלוש אינ די הענט, געהויבנ דעם קאָפּ, זיכ פארטראכט אונ באשלאָסנ:

— ניינ. זאָלנ פריער ריידנ אנדערע, דערנאָכ איכ.

אנדרושקע האָט זיכ גערירט:

— איכ וועל ריידנ.

ער האָט דערציילט וועגנ זײַנ פארבינדונג מיט די פּוילישע פּאראָבקעס, זיי האָבנ צו-געזאָגט, אז ווענ מע וועט שטרײַקנ וועלנ זיי נישט ארויס צו דער ארבעט. נאָר איינער, דער עלטסטער פונ זיי, יוליאנ הייסט ער, וויל זיכ זענ מיט מיקאָלענ.

גרייקע איז דערשראָקנ אופגעשטאנענ, געזאָגט, אז דאָס קאָנ מענ נישט מאכנ. נאָכ אנדערע זײַנענ אויכ געווענ מיט גרייקעס מיינונג. מיקאָלע האָט געפרעגט קונדירענ, וואָס ער מיינט דערצו?

קונדירא האָט זיכ נישט גערירט פונ זײַנ וואקסענער פארגליווערונג, געזאָגט, אז ער וועט נאָכ טראכטנ, שפּעטער וועט ער שוינ זאָגנ מיקאָלענ.

— אונ וואָס זאָל איכ אים ענטפערנ? — האָט אנדרושקע געפרעגט.

— שפּעטער. — האָט קונדירא געזאָגט. — דאָס וואָס איכ וועל זאָגנ מיקאָלענ וועסטו אויכ וויסנ.

מיקאָלע איז געווענ צופרידנ. עס גייט ווי געשמירט, האָט ער געטראכט. ביז איצט איז אלצ גיכ אוועק. נאָר ווײַטער אזוי. אונ דער קונדירא איז א ווילער מענטש. מיט אים וועט מענ קאָנענ אסאכ אופטאָנ. ער האָט קוים געהערט ווי דער מיטנ רויט-אָנגעלאָ-פענעם פּאָנעם האָט אָנגעהויבנ ריידנ.

---

אנ אויסגעלײַטערטער הימל איז געשווומענ איבער מילאנקע מיט העל בלויע שטערנ.

פּאנ קורלאָווסקי, דער גראפלעכער עקאָנאָם, איז געזעסנ אפ דער וועראנדע. די ווע-ראנדע איז געווענ אנ אָפענע פונ דרײַ זײַטנ. די פערטע זײַט איז געווענ פארנומענ מיט צוויי פענצטער אונ מיט אנ אָפענער, צוויי-פליגלדיקער טיר.

די העל-בלויע נאכט האָט ארומגערינגלט די וועראנדע.

באם לאנגנ, ווײַס-געדעקטנ טיש איז געזעסנ אויבנ אָנ פּאנ קורלאָווסקי אינ א ווײַסער

בלוזע מיט א הויכנ קאָלנער, אפ איינ זײַט טיש איז געזעסנ זײַנ פרוי, ארומגעהילט מיט א לײַכטנ, פיאָלעטנ שאל, אפ דער אנדער זײַט זײַנענ געזעסנ די קינדער: צוויי טעכטער אונ א זונ. זיי האָבנ אלע געגעסנ.

א הונט האָט געהאַוקעט, א זשאנדאר איז געקומענ צו גייִנ. געבליבנ שטייִנ הינטערנ פאָרענטש פונ דער וועראנדע, באגריסט, פאנ קורלאָווסקי האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— איר האָט באפוילנ איכ זאָל קומענ?—האָט געפרעגט דער זשאנדאר אונטערטעניק.

פרוי קורלאָווסקי האָט סערווירט מילכ־קאשע אינ אײַז. פאנ קורלאָווסקי האָט זיכ נישט אומגעקוקט צום זשאנדאר, אריבערגעוואָרפנ אָפּגעריסענע ווערטער:

— איר שלאָפט. יעדנ טאָג עפּעס אנדערש, אונ איר שלאָפט. צעשלאָגנ הײַנט ווידער איינעם, א כּאראָבעק מײַנעם, איוואנ דמיטריכנ. אונ איר שלאָפט. דער שטרײַק גרייט זיכ. זיי וועלנ שטרײַקנ. אונ איר שלאָפט. א נישט־דערהערטע זאכ! איכ וועל לאָזנ קומענ מיליטער פונ שטאָט אונ אײַכ פארטרײַבנ. מעלדע דעם סטארשי דײַנעם.

— וועל מעלדנ.—האָט דער זשאנדאר געזאָגט, זיכ פארנייגט אוועק.

— אידיאָט!—פאנ קורלאָווסקי האָט אוועקגעשארט די מילכ-קאשע אינ אײַז, נישט געוואָלט מער עסנ.

א קיל ווינטל איז געגאנגענ ארום דער וועראנדע, אנ אויסגעלײַטערטער הימל איז געשווומענ איבער מילאנקע.

---

א זוניקער טאָג. זאנגענ וויגנ זיכ אינ ברייטע בעטנ מיט בויגעוודיקע קעפּלעכ.

ווי א ריזיקער טײַכ איז גרויס דאָס גראָפּלעכע פעלד. דאָס אויג זעט נישט קיינ סאָפּ. א לײַכטער ווינט קרײַזלט די דינע האָר פונ די זאנגענ, די גערשטענע האָר זײַנענ צעשפרייט אונ שטעכיק־דינ, ווי שפּיציקע נאָדלענ. אנדערש, דער ווייצענער טײַכ. קײַלעכיק אונ שווער שטייט שטיל די חייִצ אונ בלאָזט זיכ מיט זײַנ געל־פּאָנימדיקער פארב! אונ דער טײַכ מיט קאָרנ, אונ דער טײַכ מיט האָבער, אלע ווארטנ זיי אפ שניט.

פול מיט אָנגעזאפּלטע זאפטנ בייגנ זיי זיכ אקעגנ דער זונ אונ ווארטנ אפנ טאָג פונ שניט. דער טאָג דערנעענטערט זיכ, דער טאָג קומט.

---

די לעצטע זיצונג פונ שטרײַק־קאָמיטעט. גרייקע איז ארעסטירט.

די טונקל־טאנצנדיקע שײַנ, וועלכע פאלט מיט שטיקער שאָטנס פונעם קליינעם ליכט, וואָס אינעם געדינגלטנ דראָט, וויגט זיכ איבער די שהערע קעפּ פונעם שטרײַק־קאָמיטעט. אנדרושקעס לאנגער גופ זיצט אײַנגעבויגנ אפ דער באנק, אפ גרייקעס אָרט. די אנדערע זיצנ לעבנ אים, זיצנ אפנ בעט-געשטעל, לעבנ מיקאָלענ. קאטיע פעלט, זי גרייט זיכ צו דער כאסענע.

די לופט אינ דער ענגער קאמער איז געשטאנענ געדיכט צווישנ מענטש אונ מענטש. די צונויפגעפּרעסטע לופט האָט געשוויצט. הינטער יעדנ מענטש איז געלעגנ דער פירי־יאָריקער קריג, דער אוקראַיִניש־פּוילישער קאמפּ, קליינע בונטנ, בונטנ קעגנ שטײַער, קעגנ יאקרעס, קעגנ לוינ־רויב, ארעסטנ, הונגער, נויט. די קאמער איז געווענ פול מיט טונקעלנ טאבאק־רויכ אונ מיט שטילע פארטראכטע רייד. אזוי באראָט א קריגס־ראט אינ שוצ-גרוב. אזוי זיצנ גענעראלנ פארטראכט, אונ יעדעס געציילט וואָרט וואָס זיי ריידנ ארויס, איז פול ערנסט אונ וואָגיק. דער פּלאנ פונ שטרײַק איז פאר אלע געלעגנ אָפנ אויסגעשפּרייט.

מיקאָלעס שווארצ־ביינערדיק פּאָנעמ האָט אינ די לעצטע טעג באקומענ מער העלע פארב, זײַנע טונקלע אויגנ, טיפ הינטער די שלייפנ, האָבנ געגלאַנצט. די מענטשנ פונ שטרײַק־קאָמיטעט, די שווער־פארהאָרעוועטע פּענעמער, וואָס בליענ אינ די נידעריקע כאַ־לופּקעס פונ ווינטערדיקער נויט און וואָס ווערנ פארברענט אינ דער גליענדיקער יול־זונ אפ פרעמדע פעלדער, די מענטשנ האָבנ ארײַנגעזאפּט אינ זייערע בלייכע הויטנ מיקאָלעס פארב.

מיקאָלע האָט גערעדט.

קונדירא האָט געזאָגט:

— שטיל.

און ארויס פונ אלקער.

בײַסנדיק שטיל איז געוואָרנ אינ דער האלב־טונקלער קאמער. ווי אַ בײַסנדיקער הונט, וועלכער ציט זיכ אויס אפ צו געבנ א שפרונג־און שווײַגט.

האלב האָט זיכ געעפנט די אלקער־טיר, קונדירעס וואקסענער פּאָנעמ האָט ארײַנגעלויכטנ מיט גרינע אויגנ:

— באמ טויער שטייענ זשאנדארנ, זיי ווילנ ארײַנ.—און באפעלעריש האָט ער גע־זאָגט.—ארויס, יעדער איינער באזונדער, שטיל, מיטנ אלטנ וועג.

דאָס ליכט האָט זיכ אויסגעלאָשנ.

די קאמער איז געוואָרנ ליידיק.

---

און זונטיק איז געווענ אנדרושקע זײַטשוקס כאסענע מיט קאטיענ, גרייסעס טאָכטער. גרייקע איז אפ דער כאסענע נישט געווענ ער איז געווענ בא די זשאנדארנ.

אנדרושקע האָט זיכ ארומגעדרייט צווישנ די געסט, אינ א געל־שוואַרצ געקעסטלטנ רעקל, א בלומענ-קרענצל פונ ווײַסע און פיאָלעטע פעלד-בלומענ אינ לאצ. זײַנ געלע וואָנצע איז געווענ פײַכט, אויסגעצויגנ, פארלאָפנ אינ א שפּיצ, דאָסגלײַכנ זײַנ טשופּרינע. די האָר זײַנענ געווענ פארקעמט אינ צווי גלײַכע טיילנ, פאָרנט די פּריזורקע געדרייט אינ לאָקנ. ער האָט געפּאטשט אינ די הענט, געווענ לוסטיק. אסאכ גערעדט.

מיט צווי טעג פריער איז ער ארומגעלאָפנ איבערנ גאנצנ דאָרפ, אומעטומ צווויסנ געטאָנ:

— זונטיק איז מײַנ כאסענע. קומט אלע.

איצט זײַנענ זיי געקומענ א האלב דאָרפ. דער קליינער הויפ איז פול.

קאטיע זיצט אפ א באנק לעבנ פלויט, אינ א טונקל קלייד מיט א סאכ פאלדנ, א ווײַסע בלוזקע מיט אויסגעהאפטענער רויטער און בלאָער וולישקע, דער צאָפּ געוויקלט אינ א קראנצ איבערנ קאָפּ, ווײַסע בלומענ אינ די רויטע האָר.

מיידלעכ רינגלענ זי ארומ, באוווּנדערנ איר שיינקײַט, זײַנענ איר מעקאנע מיט רייד און מיט העלע אויגנ. די מענער שטייענ אפ איינ אָרט, די הענט פארלייגט איבער דער ברוסט, שבייכלענ אונטער די וואָנצעס. אינ א ווינקל זיצנ צווי מוזיקאנטנ, זייערע אינסטרומענטנ זײַנענ שוינ הייזעריק פונ קעסיידערדיקער שפּיל.

אינ דער כאטע זיצט מיקאָלע מיט דעמ פּוילישנ פּראָבעק יוליאנ שוינ באלד א שאָ.

דער הייסער טאָג האָט זיכ געבויגנ אונטער דער אומופהערלעכער שפּיל פונ דעמ היי־זעריקנ צימבל. געסט זײַנענ געקומענ און געגאנגענ. פארנאכט איז דער קליינער הויפ

געווען איבערגעפּולט מיט מענטשן. באַ דער לײַמיקער, שאָטנדיקער וואַנט איז געזעסן דער צימבל־שפּילער, אַ בלינדער. זײַן שמאָלער, גראָער קאָפּ האָט זיך געכויגן איבער דעם גרויסן ברוינעם צימבל. דאָס ברוינע האָלץ איז געווען צעקראַצט און די סטרונעס זײַנען געווען אָפּט געשטוקעוועט, אינעם געבויגענעם קאָפּ האָבן זיך געפּלעקט קײַלעכיקע ערטער פון אויסגעקראָכענע האָר. אַלטע אוקראַיִנישע מעלאָדיעס, צעצויגענע און פול מיט האַרצווייטיק, האָבן געציטערט איבערן הויף און זיך פאַרשפּרייט איבערן דאָרף. לעבן אַלטן צימבל־שפּילער איז געזעסן אויף דער ערד אַ יִינגל מיט אַ פײַכטער נאָז און געקראַצט אויף אַ גרויסער פידל.

אויפן ענגן הויף טאַנצן פּאָרלעך. אַרום שטייען די מענטשן און קוקן צו. נאָכן צווייטן העלפט טאָג האָט זיך אויך אַנדרושקע אַרײַנגעוואָרפן אין טאַנץ. ער שוויצט. און דער טאָג בויגט זיך אַראָפּ טיפער. אַמאָל רײַסט זיך אַנדרושקע אַרויס פונעם טאַנץ, שטעלט זיך אַנידער פאַר קאַטיען, ער פאַרנייגט זיך און זינגט פאַר איר אַ ליד:

באַנדאַרענקאָ—
האָסט די שוואַרצע אויסגעזוכט
פאַר דיר, פאַר דיר—
גיי איצט, מײַן פרײַנט,
אַוועק פון מיר!
באַאַנדאַרעענקאַאַ—— —

די געבויגענע פינגער פונעם בלינדן שפּילער ציטערן איבער די געשטוקעוועטע סטרונעס, און ציטערנדיק ענטפערן אויף די סטרונעס ווייַנענדיק-ווייך. הייזעריק איז דאָס קאָל פון דעם צימבל, ער זינגט דאָס ליד פון פויערישער ליבע.

טיפער בויגט זיך אַראָפּ דער טאָג.

— העי, אַ פריילעכס!

רופט אויס אַנדרושקע, פּאַטשט אין די הענט—און גיט זיך אַ לאָז איבערן הויף, די פּאָרלעך נאָך אים. דער צימבל רײַסט זיך פון די געדערעם, די פידל קרעכצט. עס קלאַפּן ווילד די געשטיוועלטע און די באָרוועסע פיס אויף דער בערגלדיקער האַרטער ערד, די פּאָרלעך הייבן זיך, וויגן זיך, שפּרינגען, שרײַען—דאָס צונויפגעפּרעסטע, שוואַרץ-געוואָרענע בלוט ווערט הייס, ווערט רויט, עס קאָכט אין די אָדערן. צוויי זשאַנדאַרן גייען פאַרבײַ, בלײַבן שטיין אויף דער סטעזשקע, זיי שמייכלען, זיי לאַכן—די פּאָרלעך טאַנצן ווילד און ווילדער, דער צימבל ציטערט, די פידל קרעכצט. אַוועק זײַנען זשאַנדאַרן.

טונקל־בלאָ האָט זיך געפאַרבט דער אויסגעשפּרייטער הימל. אָנגעלייגט זיך אויף די בערג, וואָס אַרום מילאַנקע—און איבערן קליינעם, ענגן הויף האָט ער זיך הויך געבויגן ווי אַ ריזיקער, טונקל־בלאָער קופּאָל. אַנדרושקע האָט אָנגערירט די האַנט פונעם בלינדן צימבל־שפּילער און די אײַנגעבויגענע פינגער האָבן אויפגעהערט צו ציטערן.

פון דער נידעריקער כאַטע איז אַרויסגעקומען יוליאַן, דער פּוילישער פּאַראָבעק, אַנדרושקע האָט צעשפּרייט ביידע הענט, אים פאַרהאַלטן:

— מײַן פרײַנט, פאַר דיר האָב איך אָנגעגרייט אַ גלעזל בראָנפן.

יוליאַן האָט געטרונקען. צוגעהאַלטן מיט דער לינקער האַנט דאָס קאַשקעטל, מיט דער רעכטער געגומען צום מויל.

— און איצט וועל איך גיין.—האָט ער געזאָגט.

— ווּהינ, מײַנ פרײַנט?—האָט אנדרושקע געפרעגט.
— באלד וועל איכ קימענ, איכ גײ רופנ אויכ די אנדערע.
— העי, א פרײלעכס!

האָט אנדרושקע אויסגערופנ. דער זומערדיקער פארנאכט האָט געשמעקט מיט זיסנ צײַטיקנ ווײץ.

און ווענ די פּוילישע פּאראָבקעס זײַנענ געקומענ, האָט מענ צוערשט געטײלט גע־טריקנטע דיניע־קערלעכ, און איבערנ הויפ זײַנענ געפלויגנ די שאָלנ, ווי ווײַכע, ווײַסע שנײ־פליטערלעכ. דערנאָכ האָט מענ זיכ פונסניײַ גענומענ צום טאנצנ, גלײַכ די כאַסענע וואָלט זיכ אקאָרשט אָנגעהויבנ. עס האָבנ זיכ געדרײט די פּאָרלעכ אינ רעדלעכ—און קאטיע האָט געטאנצט מיט מיקאָלענ אינרע־מיטנ. טאנצנדיק האָט ער גערעדט צו די מענטשנ. די ווערטער געטײלט אפ רעכטס און אפ לינקס, פונ פּאָרל צו פּאָרל, פונ מענטש צו מענטש. זײַנע אויגנ זײַנענ געווענ הײס.

געשטיוולטע און באָרוועסע פיס האָבנ געקלאפּט איבער דער הארטער בערגלדיקער ערד, די ברײטע קלײדער האָבנ געשורשעט און אָנגעמאכט א ווינט, מיקאָלע האָט גערעדט.

ענג איז געוואָרנ אינ קלײנעם הויפ. די מענטשנ, וואָס זײַנענ פריער געשטאנענ אפ דער סטעזשקע און ארום פּלויט, די וואָס זײַנענ געקומענ צוליב נײַגעריקײַט און בלויז זיכ צוגעקוקט צום טאנצ פונדערווײַטנס, אויכ זײ זײַנענ איצט ארײַנ אינ אינווײניק און גערוקט זיכ ארום מיקאָלענ.

די פּוילישע פּאראָבקעס האָבנ געקוקט אײנער צום אנדערנ, געטאנצט מיט די מײדלעכ און געקוקט צו מיקאָלענ. אים האָבנ זײ געזענ צום ערשטנ מאָל.

בלויער פארנאכט האָט זיכ געוויגט איבער די קעפּ, די סטערנעס פונ דעם הײַוערדיקנ צימבל האָבנ געציטערט. די גרויסע פּירל אינ דער האנט פונעם ייִנגל האָט געקרעכצט. מיקאָלע האָט גערעדט.

לעבנ דער טיר פונ דער כאטע, אפ א נידעריקער באנק, איז געזעסנ די גרײקאָווע, קאטיעס מוטער. איר קאָפּ איז געווענ ארומגעוויקלט מיט א ווײַסנ טיכל, די הענט האָט זי געהאלטנ אינ שויס, זי האָט געוויינט. געטראכט וועגנ איר מאנ, וואָס די זשאנדארנ האלטנ אים פארמאכט אינ א שטאל, און געוויינט אינ דער שטיל.

עס איז שוינ געווענ נאכט, ווענ עמעצער איז געקומענ צולויפנ און אָנגעזאָגט, אז אפנ וועג ליגט דער אלטער וואסיל, בלוטיק צעשלאָגנ.

דערציטערט זײַנענ געבליבנ שטײנ די פּאָ־לעכ.

די מענטשנ האָבנ זיכ געבויגנ אינ קאלטנ גליווער.

אינ פּערוקינס גרויסנ הויפ, ווו וואסיל איז געווענ א פּאסטעכ, זײַנענ דערנאָכ געשטאנענ די מענטשנ און שטיל צווישנ זיכ גערעדט. די שטאל־טיר איז געווענ האלב אָפנ, א שמאָלער פּאס געלער שײַנ איז פונ דאָרט ארויסגעקומענ און זיכ געלײגט איבערנ הויפ ווי א קראנקע, אויסגעמאָגערטע קו. פונ בײדע זײַטנ שײַנ זײַנענ געשטאנענ די מענטשנ, זיכ נישט גערירט, גלײַכ זײ וואָלטנ געשטאנענ לעבנ א שווער קראנקנ.

די מענטשנ האָבנ זיכ פאַ־מערט אפנ הויפ. געקומענ צוגײנ פונ אומעטום, פונ גאנצנ דאָרפ. אלע האָבנ זיכ געשטעלט פונ בײדע זײַטנ געלע שײַנ, וואָס האָט ארויסגעשלאָגנ פונ שטאל. דער געמורמל האָט זיכ געשטארקט. אז דער שוועל פונ שטאָל האָט זיכ בא־וויזנ די אלטע גרײקאָווע, צעקנײטשט דאָס פּאָנעם, מיט טרוקענע ציטערנדיקע ליפּנ.

— ער קאָנ ניט שטארבנ.—האָט זי געזאָגט, געציטערט מיט די טרוקענע ליפּנ צוריק ארײַנ אינ שטאל.

אינ שטאל—אקעגנ טיר, אינ ווינקל, אָפּגעצוימט מיט א קליינ דרענגל, איז געלעגנ וואסיל גרישטשוק אפ זײַנ אלטנ געלעגער. בא אימ צוקאָפּנס איז געשטאנענ די אלטע גרייקאָווע, געבראָכנ די הענט. בא איינ זײַט איז געשטאנענ קאטיע, מיט אופגעריסענע אויגנ. אפ דער אנדער זײַט האָט געקניט אנדרושקע אונ געהאלטנ וואסילס ווײַסנ קאָפּ אינ בײדע הענט. אפ דער וואנט איז געהאנגענ א פּיועקיקער, הילצערנער לאמטערנ.

— וואַיקאָ וואסיל!

— אנדרושקע האָט געשעפּטשעט מיט זײַנ טיפער שטימ, ארויסגעהויכט יעדעס וואָרט מיט געפּרעסטער קראפּט.

— וואַיקאָ וואסיל!

וואסיל איז געלעגנ צווישנ שטרוי אונ שמאטעס. מע האָט ארויסגעזעענ בלויז דעמ קאָפּ אונ דאָס פּאָנעמ. זײַנע שיטערע האָר זײַנענ ארויפגעפאלנ אפנ שטרוי, ווי שנירלעכ רויטע קרעלנ.

אפ אנדרושקעס ארויסגעהויכטע ווערטער האָט ער נישט געענטפערט, נישט מיט די ליפּנ, נישט מיט די אויגנ.

אפ דער לינקער זײַט אָפּגעצעמט מיט א לאנג דרענגל, זײַנענ געשטאנענ די שאָפּ, געשטאנענ אפ איינ אָרט צונויפגעדרוקט, מיט די ניכלעכ נישט געדרײבכעטעט, מיט די אויערנ נישט געפּאָכעט, די שכוכפּיקע פּיכקלעכ באַרלייגט איינס אפ ס'אנדערע. אנדרושקע האָט געקניט קעגנ וואסילנ, געהאלטנ זײַנ קאָפּ אינ בײדע הענט, געשעפּטשעט מיט א טיפער שטימ:

— וואַיקאָ וואסיל!—ער האָט ארויסגענומענ דאָס בלומענ־קרענצל פונ לאצ אונ עס ארופגעלייגט אפ דעמ אלטנ וואסילס הארצ.

די אלטע גרייקאָווע איז ארויס אפנ שוועל. זי האָט געפּאלדעוועט די הענט איבער דער ברוסט, א ווײַלע הויכ אונ טיפ געזאָטעכט, דערנאָכ האָבנ אירע טרוקענע ליפּנ זיכ געעפנט, געשעפּטשעט:

— ער האָט צוגעמאכט די אויגנ, אזוי רויק, אזוי שטיל...

אפנ גרויסנ הויפ איז שטיל געוואָרנ דער געמורמל פונ די מענטשנ.

די מענער האָבנ אראָפּגענומענ די היטלענ פונ קאָפּ.

אפ מאָרגנ זײַנענ די מענטשנ געבליבנ אינ די שטיבער, נישט ארויס אפ די פעלדער.

———

ג. ה. קאַנ

# קינדהײַט

1

קלײנע יאטנ האָבנ ליב
זיך שפּילנ אינ סאָלדאטנ
אונ אפ מונדירנ
צײלנ די קנעפ.
איך פלעג קוקנ לאנג
אפ טפּיסע־גראטנ,
װי ס׳שטארצנ ארױס דאָרט
פױערישע קעפ.

ניט װײַט פונ מײַנ הײם
האָט די טפּיסע געלױערט
פלעגט דאָרט דאָס שטעטל
שאבעס ארױס אפ שפּאציר.
כ׳האָב ניט געטראכט,
אז אינ זעלביקנ מױער
װעל איך מיט פױסטנ מײַנע
קלאפּנ אינ טיר...

דעם עלטסט פונ די װעכטער
געדענק איך נאָך גוט
זײַנ הױערע ריזיקע
הענקער-געשטאלט,
זײַנ פלײשיקע נאָז
פארלאָפנ מיט בלוט,
אונ זײַנע אױגנ,
װי שטײנ אזױ קאלט...

קליינע יאַטן האָבן ליב
זיך שפּילן אין סאָלדאַטן,
און איך פּלעג ליב האָבן
זיך שפּילן מיט זיי.
נאָר מיר פּלעגט זיך דוכטן,
אַז פון די טפּיסע-גראַטן
רופט מיך און רופט
אַ פאַרפּײַניקט געשריי...

2

קליינע רויכן, שטילע רויכן,
בלויע רויכן,
דעכער נידעריקע
ביז דר'ערד.
—בענקשאַפט מײַנע
פויגל פון די הויכן,
כ'האָב פליגלען דײַנע
הײַנט דערהערט...

אַנטקעגן מאַרק דאָ
שטייט דער קלויסטער,
קלינגען גלעקער
און זיי שרעקן.
און מיך אַ ייִנגל
אַ צעברויזטן,
אַזאַ וועקער
קאָן ניט וועקן...

עפּעס דאַכט מיר
אַלץ אין שלאָף איז
איך מוז טראַכטן,
און פאַרשטיין...
וואָס דער אָנהויב
און דער סאָף איז
פונעם מענטשלעכן
געוויין...

3

אזויפיל וועגן פירן פונ שטעטל
ארויס אפ די שליאכן,
כאָטש נעם און גיי זיך אזוי
גלײַך מיט די סלופעס.
שווער שוין דאָ וויינען
און שווער שוין דאָ לאכן,
סײַ פון די לעווײַעס
און סײַ פון די כופעס...

כ׳האָב שטענדיק פארוואונדערט
געקוקט אפן אומרו פון זייגער
דערפאר עפשער ברויזט דער אומרו
און שטורעמט אין מיר.
— באנאכט מיט אָפענע אויגן
איך ליג אפ מײַן געלעגער,
איך קוק אפ דער לעוואָנע באשײַנטער,
פארשלאָסענער טיר...

ווער איך אנטשלאָפן. כאָלעמען זיך מיר
וועגן, שליאכן און שטעט
און א ווינטער, א טיפער שניי
און א בליצשנעלער שליטן.
כ׳וואָלט פרילינג זיך שווימען געלאָזן
אפן טײַך, אפ א ברעט,
אָדער אפן פײַפ
וואָלט אוועק איך געריטן.

אזוי רופט מיך און שרעקט
די ווײַט און די פרעמד.
ס׳איז נאָך שיטער באוואָקסן
די אייגענע פעל.
ס׳נייט צו נאָך די מאמע
א קנעפל צום העמד
און פארנאכט א פארטראכטער
איך זיץ אפן שוועל...

4

אינדרויסנ זיכ אָפּקילנ
האָסט געשטעלט די קאַרטאָפל,
כ'האָב גענומענ א פּאָר,
זיי זײַנען געווען הייס.
מאמע, זײַ ניט בייז,
וואָס איכ בינ אנטלאָפנ,
דו וועסט זיכער ווייגענ,
איכ וויים.

פאר יעדער טיר פונ שטעטל
שטייענ פעסלעכ
פול מיט רעגנ-וואסער
פארזשאווערט גרינ,
כ'האָב ניט געקאָנט גלויבנ,
אינ אָט די געסלעכ
ערגעצ ציט מיכ,
איכ ווייס ניט וואהינ...

ס'וועט אומזיסט הײַנט
ווארטנ אפ מיר די בעט,
אונ איכ זאָל אים אָנצינדנ
וועט ווארטנ דער זייגער.

אונ דו וועסט זיצנ
אונ ווארטנ ביז שפּעט,
אונ וועסט קוקנ
אפ מײַנ פוסטנ געלעגער...

אונ איכ מיט דער לעוואָנע צוקאָפּנס,
וועל שוינ שלאָפנ
אינמיטנ פעלד
אפ העפּקערנ באראָט.
אינדערפרי וועל איכ אופעסנ
דײַנע קאַרטאָפל
אונ ווײַטער וועל איכ
שפאנענ אינ שטאָט...

---

ס. לעוומאנ

# טראקטעריסטנ

(דערציילונג)

אינ א סענטיאבער־פרימאָרגנ, בײַס דער באגינענ האָט זיכ ברייט צעשפּרייט איבערנ סטעפּ, איז אינ קאָלווירט „דער נײַער וועג" געקומענ צו רײַטנ מײער שאליט פונעם זי־בעטנ דאָרפּ־ייִשעיו. ער איז געקומענ אהער אײנצײַטיק סײַ אלס אויסשפּירער, סײַ אלס פארלאזענטיאָר—רערדאָזיקער מאָנערער, היציקער יונג מיט אײגנ, פול מיט פרײלעכע ראַ־יוינעס, באזוימטע מיט געדיכטע, צונויפגעוואָקסענע, פארצײַטיקע ברעמענ. מײער שאליט האָט צעשטרײַט באטראכט די לאנגע טרוקענע גאס פונ דער אלטער קאָלאָניע, וואָס איז צעווירעט געווענ מיט פארטריקנטע טריט, ווי א מענטשלעכע דלאָניע אונ איז ארײַנגע־גאנגענ אינ קאָנטאָר־געבײַדע. ער האָט קימאט ניט געצווייפלט, אז ער וועט דאָרטנ געפי־נענ דעם פּאָרזיצער פונעם קאָלווירט־פארוואלטונג אוראָם קיסיס. נאָר אינ קאָנטאָר איז קײנער ניט געווענ. דעמלט האָט דער רײַטער פארדראָסיק א צוק געטאָנ מיט די פּלייצעס אונ האָט זיכ געלאָזט צום הויז, ווו עס האָט געוווינט דער פּאָרזיצער.

איבערנ גאס איז געהאנגענ א לײַכטע אונ דורכזיכטיקע שטילקײַט, וואָס עס טרעפט בלויז אינ באגינענ, בײַס עס הערט זיכ, ווי עס ציטערנ די בײמער פונ שלאָף אונ בײַס דער ווינט שלעפּט ביגנײַיווע ארום איבערנ וועג א שטיקל צײַטונג. עס האָט געראכט, אז דער ייִשעיו שלאָפט. נאָר מײער האָט געוווסט, אז די שטילקײַט איז אנ אָפּנארערישע, אז די ערשטע וואכטע איז שוינ ארויסגעפאָרנ אינ סטעפּ. דער קאָלווירט „דער נײַער וועג" איז געווענ אײנער פונ די פאָרגעשריטענע אינעם ראַיאָנ. ער איז בארימט געווענ מיט זײַנ ארבעט־דיסציפּלינ אונ מיטנ פאראקשנטנ ווילנ פונ זײַנ פּאָרזיצער.

אוראָם קיסיס איז ארויס אפנ גאניק אנטקעגנ דעם גאסט אונ האָט אים דערלאנגט א האנט. העכער פונ מיטעלנ וווקס, א געזעצטער אונ א ברייט־פּלייציקער, מיט ליכטיקע האָר, אונ מיט א רײנעם פרישנ געזיכט, האָט אוראָם קיסיס אויסגעזעענ קימאט א יונגער מאנ, ווענ ניט די גרויקײַט פונ זײַנ באָרד אונ פונ די שלײפנ, אונ ווענ ער וואָלט ניט געהאט די געוווינהײַט צו קנייטשנ אָפט דעם שטערנ אונ זשמורענ זיכ, וואָס עס האָט פארכמורעט זײַנ פּאָנעם אונ פארוואנדלט זײַנע אויגנ אינ דורכדרינגלעכ טרויעריקע. אזעלכע אויגנ טרעפנ בא מענטשנ, וואָס האָבנ אסאכ געזענ אונ פארגעדענקט פאר זייער לעבנ.

— א גוט מאָרגנ, גוטמאָרגנ זונעלע,—האָט אוראָם קיסיס א זאָג געטאָנ קורצ אונ האָט שטארק א פּאטש געטאָנ איבערנ רוקנ דעם פארמאטערטנ פערד,—וואוהינ אײַלסטו?

— צו אײַך, פעטערל,— האָט געענטפערט מײער און איז אראָפגעשפּרונגענ פונעם פערד,—
מיר דארפנ זיכ בארוכענען. מיט וואָס האנדלט איר כאווער קיסים? אָבער ניט געלײַגט.
אווראָם קיסים, האָט א קוק געטאָנ אפ דער צעפלאָסענער הימל־בלויקײַט, אפנ פאר־
דריבלכנ יישעוו, אפ זײַנ אײגענער דלאָניע און האָט א שמײכל געטאָנ. דערדאָזיקער הי־
ציקער און אנטשײדענער יונג פונעם זיבעכנ יישעוו איז אים געפעלנ.
— בא מיר איז דאָ נײַס, מײַנ טאָכטער איז געקומענ,—האָט ער פארטראכט א זאָג
געטאָנ,—וועסט ארײַנגײנ אפ א ווײַלינקע, אָדער דו אײַלסט?
אווראָם קיסיכנ איז שוינ געגאנגענ דער פינפטער צענדליק, בײס די ראטנמאכט האָט
גענומענ בויענ יידישע יישוווים אינ כטעפּ. ארום נײַ־כשיסכאָפּאָל, וו אווראָם איז גע־
באָרנ געוואָרנ און געלעבט און וו עס זײַנענ געשטאָרבנ זײַנ פאָטער, זײדע און עלטער־
זײדע, זײַנענ אויסגעוואקסנ ווײַסינקע דערפלעכ פונ יידישע איבערוואנדערער. צווישנ די
געזעצטע און שנײַפ־אײַנגעוואקסנע אינ דער ערד פויערים, וואָס האָבנ באוווינט די
כערסאָנער סטעפּעס, האָבנ זיכ פלוצלינג באוויזנ טומלדיקע, מענטשנ, וואָס זײַנענ דוירעס־
לאנג אָפּגעצערט געווענ,—זײ האָבנ געקוקט ווי שטאָטישע אפנ הימל. זײ האָבנ זיכ אויס־
געשטעלט ווי טאבאָרנ אינ כטעפּ, געגראָבנ ברונעמער, צעלײגט שײַטערס, געמאכט שוצ־
דעכלעכ פאר די פי, אויסגעפאָרנ מיטנ באגינענ אינ פעלד אפ אײַליקע פעוד, וואָס זײַ־
נענ ניט געווינט צום אקער, און דורכ די נעכט האָבנ זײ זיכ געבויט וווינונגענ. ארום
זײערע בײַדלעכ האָבנ ארומגעבלאָנקעט ציגנ און הינער, עס האָבנ ארומגעפאדעט דארינקע
קינדער מיט גרויסע אויגנ און עס האָבנ זיכ געוואלגערט עפּעס אומגעווײנלעכע פארעל־
טערטע שבאטעס, פונקט ווי מע וואָלט עס צונויפגעזאמלט פונ אלע בײדעמער פונעם גע־
וועזענעם כּכום. עס זײַנענ געשטאנענ שווערע, אָנגעבלאָזענע, בײַכיקע קאמאָדנ פונ ציגל־
קאָליר, וואָס האָבנ פאנאנדערגעשפּארט די זײַטנ פונ די בײַדלעכ. די קאמאָדנ זײַנענ
ענלעכ געווענ אפ גראָבע סויכערטעס. ברײטע, הילצערנע בעטנ אפ צעוויגטע פיסלעכ,
בלינדע שפּיגלענ, וואָס זײַנענ איבערגעבונדנ געווענ ווי א צײלעם מיט שטריק, הינקעדיקע
טישנ מיט לעכער פאר לײַכטער. די אלטע אײַנוווינער האָבנ בלויז געשאָקלט מיט די קעפּ,
קוקנדיק אפ דעם טומל פונ די מענטשנ און אפ דעם מישמאש פונ זאכנ.
דער כטעפּ האָט ניט גאכטפרײַנכלעכ באגעגנט די איבערוואנדערער. דער זומער איז
געווענ א הײסער, מיט פארכריקעניש. און אינ אָנהויב סענטיאבער, ווענ די איבערוואנ־
דערער האָבנ זיכ ערשט גענומענ ווי געהעריק צו דער ארבעט אראָפּצונעמענ פונ די פעל־
דער, האָבנ א גאָס געטאָנ גוט־רעגנס.
דורכפאָרנדיק עפּעס אײנמאָל אינ הארבסט אהינטערנ טאָלעכל, לעבנ דעם גרויענ שטײנ,
דאָרט וו די נײַטשיסטאָפּאָליער ערד גרענעצט זיכ מיט די פעלדער פונ דעם זיבעטנ איבער־
וואנדער־פונקט, איז אווראָם קיסים פאדושמורעט אראָפּגעקראָכנ פונ בריטשקע און האָט
זיכ געלאָזט גײנ איבער די פעלדער. אָנבויגנדיק זיכ, האָט ער אופגעהויבנ פונ דער ערד
פײַכטע זאנגענ, געריבנ זײ אינ פויסט, און אָפּגעוואָרפנ זײ פונ זיכ מיט א פלוכ. וויפל
טויזנטער פודנ גאָלדענע כערסאָנער ווײצ איז דאָ אומגעקומענ, אפ די דאָזיקע אָנגעשוואָ־
לענע פעלדער! און דאָס אלצ נעמט זיכ דאָכ דערפונ, וואָס דידאָזיקע טומלדיקע שטאָטישע
מענטשנ האָבנ ניט באוויזנ אראָפּצונעמענ די גערעטעניש צודערצײַט, און אויב זײ פלענג
יאָ אראָפּנעמענ, איז אבי־ווי, אבי אָפּקומענ. צי דענ קאָנענ זײ ארבעטנ ווי עכטע פויערים—
צו אכצנ שאָ אינ מעסלעס אינ רעגנ, אינ ווינט, ביז די קני אינ וואסער, דערווארעמענדיק
זיכ מיטנ ברענ פונ דער ארבעט און מיט א זופּ בראנפנ?

עפּעס א מאָדנע צעצווייטע באַציִונג איז בא אווראָמ קיסינ געוואָקסנ אונ אָפּגעזעצט זיכ צו די דאָזיקע מענטשנ. א זונ פונ א האָרעפּאשנע פויערישער מישפּאָכע, וואָס איז אָפּגעזעסנ הונדערט פופציק יאָר אפ דער כערסאָנער ערד, האָט ער מיט א פּראקטישנ אומגלויבנ זיכ באצויגנ צו זײַנע מיטברידער, וואָס האָבנ אסאכ יאָר־הונדערטנ זיכ געוואלגערט אינעמ זומפּ פונ שטעטל. ער האָט פארדינט זײַנ ברויט פונ דער ערד, זיי — פונ לופט. ער האָט געלייענט דאָס בוכ פונעמ הימל אונ פונ די גרינענדיקע פעלדער, זיי זײַנענ בלינד געוואָרנ אפ די בלעטער פונ דער פארגעלטער געמאָרע, וואָס איז צעפרעסנ געוואָרנ פונעמ גרינלעכנ שימל. ער האָט גוט געוווּסט די שווערע ארבעט, וואָס ברעכט די ביינער, אָבער וואָס גיט פרייד. זיי האָבנ געבויגנ זייערע שמאָלע פּלייצעס אונטער דער לאסט פונ טומלדיקער אָרעמקײַט אונ פונ פרוכטלאָזער מידקײַט. אז אפנ הארצנ איז אימ גוט געווענ, האָט ער ליב געהאט דעמ שווערנ טופּענ פונ א טאנצ אונ די ברייטע ראכוועסדיקע לידער, וואָס דערפרייענ דאָס הארצ, ווי יונגער ווײַנ, — זיי אָבער פרייענ זיכ דורכ געוויינ אונ זינגענ אזעלכע לידער, ווו דער געלעכטער איז צוגעמישט מיט ביטערניש, ווי מיט פעפער.

איז אָט אצינד געשטאנענ קעגנ אווראָמ קיסיכנ דער זונ פונעמ איבערוואנדערער שאליט דער שווארצבערעמיקער מייער אונ האָט געווישט זײַנ פארשוויצט פּנימ מיט א נאָזטיכל. צוויי יאָר איז מייער אָפּגעווענ אינ כארקאָוו, געלערנט זיכ אינ פּארטיי־שול, אונ בייס ער האָט זיכ צוריקגעקערט אפנ זיבעטנ יִשעיִ, האָבנ אימ די קאָלווירטניקעס אויסגעוויילט אלס פאָרזיצער פונ פארוואלטונג, ניט געקוקט אפ זײַנ יונגקײַט. דערפאר, ווײַל קיינער האָט ניט געקאָנט אזוי ריידנ אונ אזוי גוט צו באגיינ זיכ מיט מענטשנ ווי דערדאָזיקער פּראקטישנטער מייער דער שלאָסער אונ קאָמיוניסט, וועלכנ די יוגנט האָט ליב געהאט פאר זײַנ פארטראכטער פריילעכקײַט פונ די אויגנ אונ פאר זײַנ פּראקטישקײַט, אונ דערוואקסענע מענטשנ האָבנ אימ געאכט פאר זײַנ פארשטאנד אונ פאר זײַנ רעדנערישנ טאלאנט.

— איכ האָב שוינ געהערט, אז אײַער טאָכטער איז געקומענ צו גאסט אינ קאָלאָניע, — האָט געזאָגט מייער אונ איז ארופגעגאנגענ אפנ גאנעק, זי איז געקומענ אונ אפילע ניט אליינ.

דאָס איז ריכטיק, — אווראָמ קיסיס האָט זיכ צעשמייכלט אונ א פּאטש געטאָנ דעמ באָכער איבערנ פּלייצע. — דערפרייט דעמ טאטנ, — געבראכט מיט זיכ א מאנ.

— מאזלטאָוו אײַכ, בערטע איז א ווויל מיידל.

— איכ זאָג דענ, אז א שלעכטע? — זײַנ פּאָנעמ האָט פּלוצלינג א צוק געטאָנ אונ באלויכטנ זיכ מיט א כיטרענ שמייכל. — דיכ פארדריסט מיסטאמע, וואָס דו האָסט דורכגעלאָזט אזא מיידל? איכ האָב דיר געזאָגט, מייער, ניט זוכ קיינ גליק אינ דערווײַטנ, וועסטו נעענטער געפינענ: — ער האָט א שטויס געטאָנ די טיר אונ איז ארײַנ אינ שטוב. נעמ אופּ דעמ גאסט, טאָכטער!

מייער האָט געטרונקענ טיי מיט האָניק, געפירט א פארפלאָנטערטנ געשפּרעכ מיטנ באלעבאָס אונ ביגנייווע געכאפּט א קוק אפ בערטענ אונ אפ איר סאנ דעמ לאנגנ דראָנג. געווענ א צײַט, ווענ אויכ ער האָט געבענקט נאָכ דער שווארצכיינעוודיקער, רוישיקער מיידל אונ פלעגט זי אונטערוואַרטנ אהינטער טאָלעכל לעבנ דעמ גרויענ שטיינ, אָבער אינגיכנ האָט ער געמוזט אוועקפאָרנ אינ כארקאָוו לערנענ זיכ, דאָרט האָבנ אימ געוואָרט נײַע כאוויירימ אונ נײַע באדינגונגענ. אונ בייס ער האָט זיכ צוריקגעקערט אינ יִישעוו, איז שוינ בערטע ניט געווענ אינ נײַ־טשיסטאפּאָל, עס איז געקומענ אויכ איר צײַט צו פארלאָזנ דעמ פאָטערס הויז, קעדיי צו לערנענ זיכ אונ אויסגעפינענ נײַע פרײַנט.

און אצינד איז בערטע געקומענ אָפ קאניקול צום פאָטער און מיטגעבראַכט מיט זיכ א מאנ—אָט דעם דאָזיקנ נעגאָלענ אוקראַיִנישנ באָכער, וואָס זיצט איצט אזוי וואָכעדיק באם טיש בא אוראַם קיסיס אינ הויז פינקט, ווי דאָס וואָלט געווענ א געוויינלעכע זאַכ, וואָס בערטע קיסיס האָט כאָסענע געהאַט פאר אנ אוקראַיִנער. ער זיצט פּאַשעט, אינ א כלוי סאטינענ העמדל מיט פארקאַשערטע אַרבל, אינ די איטע ביילע, אוראַם קיסיסעס הייז-באלעבאַסטע, טרעט קיינעם ניט אָפ דעם קאָווער,—זי גיסט אליינ אָנ טיי, אליאַשע טעס-לענקינענ, דעם זונ פונ א כארקיווער שלאָסער. די ידיעה, אז די יונגע פּאָר איז געקומענ, האָט זיכ צעטראָגנ איבער דער גאנצער געגנט און אינ די אַלטע קאָלאָניע האָט מענ אסאכ געשמועסט וועגנ דעם, וויאזוי אוראַם קיסיס האָט באגעגנט זײַנ פארשײַטע טאָכטער, און עלטערע פרויענ האָבנ טרויעריק פארלייגט די הענט אפנ ברוסט, דערמאָנענדיק בערטעס מוטער, די גאָלד-האָריקע כאנענ, א ליכטיקנ גאניידנ זאָל זי האָבנ.

מייער האָט געפרעגט בא בערטענ, וואָס הערט זיכ אינ כארקאָוו, אינ עס האָט זיכ פארבונדנ א לעבהאַפטיקער געשפרעכ וועגנ דעם לעבנ אינ דער הויכשול וועגנ די קאָמ-יוגישע פארזאמלונגענ און וועגנ טעאַטער. אוראַמ קיסיסנ איז געווענ זייער אָנגענעם צוצו-הערנ זיכ צו דעם, וויאזוי די טאָכטער ענטפערט אָפ מייערס פראגנ: זי איז געקומענ, דאכט זיכ, עפעס פונ א וואונדערלעכער וועלט, פונ א קאָלאָסאַלער און א רוישיקער ווי א קעסל-גרוב, אינ כונדערטוועגנ האָט זיכ דאָרטנ דאָס דאָרפישע מיידל, ניט פארלאָרנ, ניט פאר-כלינעט אינ דעמדאָזיקנ געווירבל. אוראַם קיסיס איז גרייט געווענ אָפצוזיצנ א גאנצנ טאָג צו הערנ דעם געפלאַפל פונ די יונגע לייט.

— ווענ זשע טראַכט איר אַוועקפאָרנ, בערטע?—האָט א פרעג געטאָנ מייער—איכ וועל אײַכ בעטנ אָפצופירנ עפעס א קלייניקייט, מײַנעם א כאווער.

— אינ א טעג דרײַ, פיר ארום,—אינ בערטעס שטימ האָט זיכ געהערט א פארדראָס. איכ וואָלט פארבליבנ דאָ נאָכ אביסל צײַט, אָבער עס איז אומעגלעכ.

אוראַם קיסיס האָט אופגעציטערט באם דערמאָנענ וועגנ דעם, אז די טאָכטער דארפ אינגיכנ אָפ אָרנ. ער האָט א וואָרפ געטאָנ א דורכדרינגענדיקנ בליק אָפ מייערנ און האָט פארשטאַנענ, אז יענעמ פלאַצט דאָס געדולד, אז ער וויל אָפשטעלנ דעם געשפרעכ און אריבער צום וויכטיקנ איניינ.

— וואָס זשע פאר א סכוירע זאָל איכ דיר באווײַזנ?—האָט קיסיס ניט געווײַלט א פרעג געטאָנ מיט שלעכטע סכוירע האנדלענ מיר ניט. די גערעטעניש האָבנ מיר אראָפגענומענ אָפ 72 פראָצ., ווינטער-פארזיי—34 פראָצ.: דו גלויבסט ניט. בא אינדז גייט עס אָנ נארעדנײַ. וואָס איז שײַכ וועגנ דעם פארזיי קאָנ איכ דיר נאָכ גאָרניש ניט זאָגנ, עס איז נאָכ ניטאָ קיינ סוואָדקעס.

— פונקט ווי אָנ סוואָדקעס ווייסט איר ניט...

— מאלע וואָס איכ וויים! ידיעס, ברודער, דאָס איז א גרויסע זאַכ. די סוואָדקעס זײַנענ אונטערגעשריבנ, טראָגנ פאר איר די פאראַנטוואָרטלעכקייט, און אָנ פינקטלעכע ידיעס קאָנ מענ דיר אָנפלאַפלענ...

— וואָס איז דאָס בא אײַכ פאָרגעקומענ דאָרטנ מיטנ גריפ? האָט זיכ בערטע ארײַנ-געמישט אינ געשפרעכ. כאים נאכמענ האָט דערציילט, אז דער גאנצער ישעו גיסט און הוסט.

— דאָ איז ריכטיק,—איז מייער מיטאמאָל פארכמורעט געוואָרנ. עפעס א מינ אומגליק. אינ סאמע ברעג פונ דער ארבעט, בא דיר גאָר א גריפ. דאָס הייסט איז נאָכ א קליי-

ניקײַט, אָבער ניט נאָר מע הוסט, צוואנציק מענטשנ ליגנ מיט א הויכער טעמפעראטור, קאָנענ זיכ ניט אופהויבנ פונ בעט. איר לאכט, כאווער קיסיס? אויב אײַכ איז עס אזוי קאָמיש איז לאכט זיכ אײַכ געזונטערהייט!

דער באלעבאָס האָט אומויסט געפרווט דערשטיקנ אינ זיכ דעם געלעכטער. אונטער דער גלאסער אונ ברוינער הויט פונ זײַנ נאָכ יונגנ פּאָנעם האָבנ זיכ באוועגט די צעהיצטע קינבאקנ.

— דאָס איז דאָכ אנ אומדערהערטע זאכ,—האָט ער געמורמלט דורכ געלעכטער, וועגנדיק זיכ מיטנ טײַ.—וואָס וועסטו זאָגנ דערופ, בערכענשקע? א האלב דאָרפ איז קראנק אפ גריפ, די קאָפּאָרע זאָל מיכ נעמענ! אינ, דו, האָסט וועגנ ניט איז געהערט, טאַטער, אז ע עצער פונ קיסיכעס מישפּאָכע זאָל קרענקענ אפ גריפ? דײַנ זיידע ביישע פלעגט ארומגיינ א באָרוועסער איבערנ שניי אונ פונ גרעסטוועגנ האָט ער קיינמאָל ניט געהוסט...

— מענ טאָר ניט אזוי טאטע,—האָט בערטע בייז א זאָג געטאָנ,—מענטשנ לײַדנ פונ אזא זומגליק, אונ דו לאכסט.

נו, שוינ, אויס, מער ניט. זײַ ניט ברייגעס.—אווראָם קיסיס האָט ארײַנגערוקט די נאָז אינ גלאָז טיי, ווידער א לאכ געטאָנ אונ מיט איינ שלונג אויסגעטרונקענ די גאנצע טיי.—ניט שוינ זשע צוואנציק מענטשנ? מיט טעמפעראטור?

אנ אײַנגעהויקערטער האָט מייער געדרייט אינ דער האנט די גלאָז, עס האָט זיכ געדאַכט, אז ער פילט אונ אנערקענט זײַנ שולד. פאר די מענטשנ, וואָס זײַנענ אינ דער סאמער הייסער צײַט פּלוצלינג קראנק געוואָרנ פונ אזא קאמישער אונ נישטיקער קרענק, קעדיי אָפּצווענדנ א טײַל פונ זײַנע אומעטיקע געדאנקענ, האָט בערטע גענומענ ריידנ וועגנ כאַרקאָוו ווו זיי האָבנ געהאַט אלגעמיינע באקאנטע.

אווראָם קיסיס האָט געדולדיק געקוקט אפנ יאט אונ געווארט. ער האָט אויסגעצייכנט געוווּסט, אז עפּעס א וויכטיקער איניענ האָט געטריבנ אהער דעם איבערוואנדערער. אינ אזעלכע אויסגעצייכנטע לויטערע טעג פאָרנ די פּאָריצערס פונ די קאָלווירטנ ניט ארומ צו גאסט. אימ האָט זיכ דערמאָנט, ווי אזוי ער איז א נ הארבסט פאריקנ יאָר אליינ אָנגעפאָרנ אפנ 7-טנ יישעוו, קעדיי צו איבערצײַגנ זיכ אפ וויפל עס האָט אימ אריבערגעיאָגט דער קאָלווירט א. נ. פונ „פראוודא", אונ דעמלט האָט דער אלטער שאליט, מייערס פאָטער, אימ מקאבל פּנים געווענ מיט קוואס אינ דער געבײַדע פונ פּראווליענונג.

— כאווער קיסיס,—האָט ענדלעכ מייער א זאָג געטאָנ, אָפּרײַסנדיק מיט גוואלד די אויגנ פונעם גלאָז טיי,—איכ האָב צו אײַכ אנ איניענ, א באקאָשע, א גרויסע... אינעם נאָמענ פונ דער גאנצער פּראווליענונג.

רייד, רייד מירנ הערנ,—האָט דער באלעבאָס געלאסנ א זאָג געטאָנ!—עס איז שוינ לאנג צײַט צו גיינ אינ סטעפּ.

— עס זײַנענ בא אונדז קראנק געוואָרנ ביידע טראקטעריסטנ,—האָט פאָרגעזעצט מייער אונ א קוים באמערקבארער דינער צוק האָט אופגעציטערט אפ זײַנ שיינעם געזיכט.—בא באָסיע גליקמאנ איז די טעמפּעראטור 40. פונ נעכטנ פארנאכט אָנ איבעט בלויז איינ טראקטער, דער צווייטער שטייט, עס האָט זיכ געהאט גענומענ צו דער ארבעט איינער א יאט, אָבער ער האָט שיר ניט צעבראָכנ... קורץ גערעדט, עס איז ביטער. אינ ראיאָנ האָט מענ צוגעזאָגט ארויסצושיקנ א טראקטעריסט אינ א פּאָר טעג ארום. אָבער אזעלכע טעג, אזעלכע טעג, כ' קיסיס! דאָס הארצ ווערט צעפּלאצט, סארא שאָד, אזעלכע טעג.

אווראַם קיסיס האָט געקוקט אפֿן גאסט, און האָט אים ניט דערקאָנט, פּונקט ווי פֿאַר אים וואָלט אויסגעוואָקסן אַן אַנדער מענטש, די אויגן זײַנע זײַנען געוואָרן טונקל און טרויעריק פֿאַרטיפֿט, און מייערס גאַנצער פּאָנעם איז געוואָרן עפּעס א קינדיש־נאָענטער, א באַהעלטער מיט האָפֿענונג און לײַדנשאַפֿט.

„ער איז דאָך נאָך גאָר א ייִנגל“—האָט אווראַם קיסיס א טראַכט געטאָן און האָט זיך עפּעס פֿאַרקרימט,—„נאָך גאָר א קעלבעלע, א פּיזשלאַק“...

— די פֿאַרוואַלטונג בעט אײַך, כאַווער קיסיס, קומען אונדז צוהילף. אַרויסראַטעווען אונדז פֿון אומגליק. גיט אונדז אף דרײַ טעג א טראַקטעריסט. בא אײַך זײַנען פֿאַראַן בעווּרע, וואָס האָבן געענדיקט קורסן, זיי נעמען אַראָפּ בא אײַך די גערעטעניש... אַזאַ מין יאָט ווי זאַבאָראָוו טאָניע... קיין גרויסן העזיק וועט איר פֿון דער פֿון ניט האָבן און פֿאַר אונדז איז דאָס א רעטונג.

אווראָם קיסיס האָט געגנוי באַטראַכט זײַן דלאָניע, פּונקט ווי ער וואָלט אַן ענטפֿער אין איר געזוכט.

— ניט אין אַזעלכע טעג, מייער,—האָט קיסיס אײַנגעהאַלטן און אַנטשיידן א זאָג געטאָן,—ס'איז מיר א ראַכמאָנעס אף דיר, אָבער העלפֿן דיר קאָן איך ניט. טאָניע זאַבאָראָוו איז א בריגאַדיר, די בריגאַדע וועט אים ניט אָפּלאָזן. אונדזערע טראַקטעריסטן אַרבעטן אַליין צו 2 וואַכטעס נאָכאַנאַנד, שלאָפֿן גייענדיק. ניט בעט, מייער, איך קאָן ניט.

ער האָט זיך אופֿגעשטעלט און עס האָט זיך אויך געשטעלט דער גאסט. א לאַנגזאַמער, א שווערער, פּונקט ווי ער וואָלט אָנגעגאָסן געוואָרן מיט בלײַ. פֿונדעסטוועגן האָט נאָך מייער געפּרוּווט א שמייכל טאָן.

— עס וועט, אפּאָנעם, אויסקומען מיר אַליין צו ווערן א טראַקטערירכט,—האָט ער א זאָג געטאָן און א שאַר געטאָן מיט די הענט די האָר.—זײַט געזונט, כאַווײרים, מע דאַרף פֿאָרן.

שטייענדיק באַם פֿענצטער, האָט אווראַם קיסיס געזען ווי דער באָכער איז ווילינגעריש אַרופֿגעשפּרונגען אפֿן פֿערד און אוועקגעטראָגן זיך לענגויס דער גאַס. פֿון קעשעניע פֿון זײַן קורטקע האָט אַרויסגעשטעקט א צעקנייטשטע גרויע קעפּי.

2

אַרויסבאַגלייטנדיק דעם אומדערוואַרטן גאסט, איז אווראַם קיסיס אוועקגעפֿאָרן אין סטעפּ. דער פֿרימאָרגן האָט זיך אויסגעשטראַלט א זוניקער, א דורכזיכטיקער, א טרוקענער און א הילכיקער, פּונקט ווי ער וואָלט א־סגעגאָסן געוואָרן פֿון בלויען קרישטאָל. פֿון ביידע זײַטן וועג זײַנען געשטאַנען סנאָפּעס, זיי האָבן זיך געצויגן ביזן סאַמע ראַנד פֿונעם האָריזאָנט, און זײַנען ענלעך געווען אף געל־האָריקע וואַנדערער, וואָס בלאָנקען אַרום אף דער זון. אַנטקעגן, האָבן זיך שווער געהוידעט און באַוועגט די מאַ־זשאַרעס.

באַם וואַרמעס האָט בערטע דערקלערט דעם פֿאָטער, אַז זיי—צוזאַמען מיט אַליאָשען, האָבן באַשלאָסן אַוועקפֿאָרן, און אַז דער באַפֿולמעכטיקטער האָט זיי צוגעזאָגט אָפּצופֿירן צו דער סטאַנציע.

— וואָס הייסט, הײַנט?—איז איבעראשט געוואָרנ אווראָם קיסיס. א פײַנע מאטאָנע, טאָכטער, האָסטו מיר אונטערגעטראָגנ! נו, פארבלײַב כאָטש ביז מאָרגנ, איכ וועל אײַכ אליינ אָפּפירנ צו דער סטאנציע.

— דו האָסט איצט ניט קיינ צײַט צו אייסיקנ זיכ מיט אונדז,—האָט בערטע אנטשלאָסנ דערקלערט. אונ האָט אימ א גלעט געטאָנ איבער זײַנ האָריקער באק,—מע האָט דיכ אינגאנצנ פארמאטערט, מײַנ גרויִנקער פאָטערל: בא מיר מיט אליאָשענ איז פארבליבנ ביזנ סאָפּ פונ אונדזער אורלויב נאָכ פינפ טעג. אָבער מיר האָבנ צוגעזאָגט אליאָשעס פאָטער קומענ צו אימ צו גאסט אפ א טעג דרײַ.

ער האָט אָפּגעקערט די אויגנ אָנ א זײַט, פילנדיק דעמ פארדרוס אונ ווייטיק. א גאנצ יאָר איז אָפּגעווענ זײַנ קליינינקע טאָכטער ווײַט פונ אימ, אינ דער גרויסער שטאָט, אונ אינ מעשעכ פונעמ גאנצנ יאָר איז ניט דורכגעגאנגענ קיינ איינ טאָג, אז אווראָמ קיסיס זאָל זי ניט דערמאָנענ. עס איז ניט דורכגעגאנגענ קיינ איינ אָוונט, אז דער פלאטער פונ זיסער בענקשאפט זאָל אימ ניט בארירנ, ווענ ער פלעגט זיכ צוריקקערנ אהיימ, אונ ציי דענ פלעגט ער זיכ ניט אופכאפנ אינ די ווינטערדיקע נעכט, זיכ צוהערנ צו דער זינגערײַ אונ צו די יונגע שטימענ צווישנ וועלכע אימ האָט זיכ געדאכט, אז עס הילכט די שטימ פונ זײַנ טאָכטער?...

— נאָכ א טאָג,—האָט ער שוואכ א זאָג געטאָנ, קוקנדיק אָפּ אליאָשענ,—מיר האָבנ דאָכ נאָכ ניט באוויזנ א שמועס צו טאָנ אפילע.

אָבער אלעקסיי טעסלענקע האָט אימ גענטפערט מיט א רויִקנ אונ אנטשיידענעמ בליק אינ וועלכנ עס האָט א בליצ געטאָנ די זיכערע אומבעראכמאָנעסדיקײַט פונ יוגנט.

— מע דארפ פאָרנ, טאטעלע,—האָט א זאָג געטאָנ אליאָשע, פונקט ווי ער וואָלט אָנגעזאָגט א וויכטיקע נײַס,—פארבראכט אביסל אונ אנ עק. דער טאטע וועט ברייגעס זײַנ.

אינ אווראָמ קיסיס האָט דערפילט, אז ער קאָנ גאָרנישט ניט קעגנשטעלנ זיכ קעגנ דערדאָזיקער הילכיקער אונ אומבעראכמאָנעסדיקער יוגנט.

אָט אזוי זײַנענ זיי אוועקגעפאָרנ אפ דער ריקאָווער טאטשאנקע, די טאָכטער אונ דער איידעמ אונ אווראָמ קיסיס האָט אפילע קיינ צײַט ניט געהאט, צו בענקענ נאָכ זיי, ווײַל דער טאָג איז געווענ א טומלדיקער אונ א שווערער. דער אינסטרוקטער פונ פאָליט־אָפּטייל האָט צוגעשיקט א קוויטעלע, אז דער שניט אפנ באצירק, וואָס געפינט זיכ נאָענט לעבנ דעמ גרויענ שטיינ איז געמאכט געוואָרנ נאכלעסיק, מיט גרויסע פארלוסטנ. דער בריגאדיר פונ דער ערשטער בריגאדע, באגיסנדיק זיכ מיט שוויס אונ ארויסקוועטשנדיק פונ גאָרגל שווערע פודיקע ווערטער, האָט ניט געקאָנט גאָרנישט זאָגנ עפּעס אזוינס, וואָס עס זאָל אימ באַרעכטיקנ, דעמלט האָט אווראָמ קיסיס טייקעפּ אפנ אָרט צוזאמענגעשטעלט א שלאָגגרופּע פונ יוגנט אונ איז ארויסגעפאָרנ אפנ שלימאזלדיקנ באצירק.

די ארבעט האָט מענ פארענדיקט פארנאכט. ארופקלײַבנדיק זיכ אינ דער הויכ אפ דער מאָשארע, האָט אווראָמ קיסיס מעכושעכעש באטראכט די פארנאכטיקע פעלדער, וואָס זײַנענ פארהילט געווענ אינ א בלוילעכנ רויכל. די ערד האָט אָפּגעגעבנ אלצ, וואָס זי האָט געקאָנט, אינ איז אצינד געלעגנ א מידע אונ א באפרידיקטע. פונ אירע פאָרעס האָט געבלאָזנ א גרוילעכע שטויב אונ האָט זיכ אָפּגעזעצט אפ די טרוקענע זאנגענ פונעמ קאָרנ. הויכ אונ ארויסרופעריש האָבנ געגראגערט די שניידעלעכ, פונ די קוסטעס איז ארויסגעלאָפנ אפנ וועג א פיקסל, האָט זיכ אויסגעצויגנ, ציטערנדיק מיט די אויערנ.

— אלצ פארעניריקט, כאווער קיסיס,—האָט ראפּאָרטירט דער געהילפ בריגאדיר. איצט קאָנ מענ פאָרנ אהיים.

— פארנעמט זיכ אהיים!

ער האָט בּנקוקט אפ דער גלאטער סטעפּ־וועג אונ האָט געטראכט וועגנ דעם, אז בערטע אונ אליאָשע פאָרנ שוינ אצינד אינ ציג אונ דערמאָנענ עפּשער אים. עפּשער האָבנ זיי זיכ באליידיקט אפ אים, וואָס ער האָט זיי געשענקט ווייניק אופמערקזאמקייט? די יוגנט פאָדערט אופמערקזאמקייט אונ איז שטענדיק גערעכט. בּזא איז אויכ מייער שאליט...

זיי זײַנענ פארבײַגעפאָרנ פארבײַ די גרויע הרועס שטיינער, וואָס ווער ווייסט פונ וואנענ קומענ זיי אהער. דאָ באם גרויענ שטיינ, האָבנ זיכ געגרענעצט די נײַ־טשיסטאָפּאָליער פעלדער מיט די פעלדער פונעם קאָלווירט א. נ. פונ „פּראוודא“. אווראָם קיסיס האָט זיכ עפּעס דערמאָנט אפ די גרויע בײַדלעכ, אינ וועלכע עס האָבנ געלעבט די ערשטע איבערוואנדערער, אפ זייער ערשטנ ארויספאָר אינ פעלד אונ אפ זייערע באנאכטיקע פײַערשײַטערס.

בא די קאָלווירטניקעס פונ „פּראוודא“ איז ניט קיינ פײַנע געשעפטנ,—האָט א זאָג געטאָנ זײַנ געהילפ־בריגאדיר, וואָס האָט געשפאנט לעבנ דער מאזשארע,—די זאנגענ שיטנ זיכ אראָפּ, אונ די קרענקענ אפ גריפ, דאָס איז עפּעס אזא מינ קרענק א מינ פארקילעכצ... איכ מיינ, כאווער קיסיס, אז פריִער נעם אראָפּ די גערעטעניש, אונ דערנאָכ קרענק, אויב דו קאָנסט זיכ אנדערש ניט באגיינ.

— נו, נו,—האָט אווראָם קיסיס א זאָג געטאָנ אומצופרידנ,—אפּ דערופ איז עס דאָכ א קאָלווירט, אז מענ זאָל אכטונג געבנ אפ די מענטשנ. דאָס איז זיי ניט די אמאָליקע פּאראָנוקעס. מענ דארפ זיכ צוגעוויינענ.—ער האָט בייז פארביסנ אינ די ציינ א שטרויעלע אונ האָט זיכ אָפּגעקערט פונעם געהילפ,—א קראנקנ מענטשנ וועלנ מיר אויכ ניט צולאָזנ צו דער מאשינ.

— איכ מיינ, כאווער קיסיס,—זיי זײַנענ שטאָטישע מענטשנ,—האָט דער געהילפ געטײַנעט זײַנס,—פארשיידענערליי קרענק זײַנענ דאָ. אנ אנדערער פאלט פונ א שנעל אינ נאָז, אונ אנ אנדערנ נעמט ניט דער טײַוול. דער טאטע אײַערער מוישע א ליכטיקנ גאניידנ זאָל ער האָבנ...

אָבער אווראָם קיסיס האָט ניט געוואָלט הערנ וועגנ זײַנ פאָטער מוישנ אונ וועגנ זײַנע בארימטע פאסירונגענ. אים האָט זיכ דערמאָנט בערטעס ברייגעסער בליק אינדערפרי באם טיי, אונ עס איז עפּעס אים אומהיימלעכ געוואָרנ, פונקט ווי ער וואָלט געהאט די מעגלעכקײַט צו פארטיידיקנ, צו באשיצנ די איבערוואנדערער פונעם גריפ אונ ער האָט זיכ אָפּגעזאָגט צו העלפנ זיי.

— — וואָס זײַנענ זיי שולדיק, וואָס זיי זײַנענ שטאָטישע? האָט ער איבערגעשלאָגנ דעם צעצויגענעם סיפער פונעם געהילפ,—נאָרישקײַטנ רעדסטו סענדער אונ שוינ.

אווראָם קיסיס האָט אליינ אכטונג געגעבנ ווי אזוי מע לאָדט אויס די מאזשארעס. אים האָט זיכ ניט געוואָלט אהיים גיינ: מיטנ אָפּפאָרנ פונ דער טאכטער איז דאָרטנ פארלאָסעמט געוואָרנ דאָס הויז. ער איז אוועק אינ קאָנטאָר אונ האָט דאָרטנ געטראָפנ דעם רעכענונג־פירער, צוויי קאָמיוגיסטנ פונ דער צווייטער בריגאדע אונ עפּעס אנ אומבאקאנטע דארינק מייל אינ א לעדערנער קורטקע. בא איר איז געווענ א קליינע פויגלגעזיכט אונ דער לעדערנער מאנטל איז געווענ אומגעהויער גרויס פאר איר מאָגערנ קער־

פער. אָבער זי האָט מענעריש ארומגעשפאנט איבערנ צימער, האָט הויכ געלאכט פונ אירע אייגענע רייד אונ געקוקט אפ אלעמענ ווי א זיגער. אווראָמ קיסיסנ איז זי גלייכ ניט גע־פעלנ געוואָרנ, אָבער ער האָט געמאכט א מינע, אז ער לייגט אפ איר קיינ שום אכט ניט אונ האָט זיכ צוגעזעצט לעבנ רעכענונג-פירער.

— פונ דער ראיאָנער צייטונג,—האָט אימ א שעפטשע געטאָנ דער רעכענונג־פירער אונ האָט זיכ פארקרימט אינ א העסלעכער גרימאסע,—בודיאָני אינ א קליידל, ווי איכ בינ—א ייִד!

פארענדיקט דעמ שמועס מיט די קאָמיוניסטנ, האָט דאָס מיידל זיכ טייקעפ גענומענ פאר אווראָמ קיסיסנ. זי האָט אימ דערקלערט, אז זי איז צוגעשיקט געוואָרנ אהער פונ דער רעדאקציע פונ דער ראיאָנער צייטונג, קעדיי דורכצוקאָנטראָלירנ די פאָסטנס, מאָבי־ליזירנ די דאָרפקאָרנ, זאמלענ פאָרשלאגנ אונ פיל אנדערע וויכטיקע אופגאבנ. זי האָט פארשאָטנ דעמ פאָרזיצער מיט צענדליקער פראגנ, זי האָט אימ בייז דערקלערט, אז די ניי טשיסטאָפאָליער דאָרפקאָרנ זיינענ ניט גענוג אקטיוו אונ זיינענ וויניק קאָנקרעט, אונ אז די פאראנטוואָרטלעכקייט דערפאר פאלט אפ דער פארוואלטונג פונ קאָלווירט אינ אפנ פאָרזיצער פונ דער פארוואלטונג אינ דער ערשטער ריי. זי איז אופגעבראכט געווענ פונ דעמ, וואָס אינ דער פארוואלטונג פונ קאָלווירט איז בלויז איינ פרוי, אונ האָט צוגעזאָגט אופצוהויבנ די דאָזיקע פראגע אינ דער צייטונג. דאָס אלץ האָט זי ארויסגערעדט אינ איינ אָטעמ, ברייט אונ מעכטיק ארומשפאנענדיק איבערנ צימער אונ פארוקנדיק אירע פויגלדיקע הענטעלעכ אינ די קעשענעס פונ דער לעדערנער קורטקע.

— מיינ טאָכטער איז אָפגעפאָרנ אינ כארקאָוו,—האָט קיסיס א זאָג געטאָנ צו זיכ אליינ אונ, פארמאכנדיק די אויגנ, אָנגעלייגט זיכ אָנ וואנט.—אומזיסט איז זי צו דער נאכט אוועקגעפאָרנ, געדארפט אויסווארטנ ביז אינדערפרי... ווי רופט מענ אייכ, כאווער?

דאָס מיידל האָט אופגעהערט ארומארשירנ אונ פארווונדערט געקוקט אפ אווראָמ קיסיסנ. אירע דינע ברעמענ אפ איר פארשארפטנ געזיכט זיינענ רויט געוואָרנ, די ליפנ האָבנ א ציטער געטאָנ אונ ערגעץ פונ א הינטער די אויערנ האָט זיכ צעגאָסנ איבער די באקנ א פארשעמטער שמייכל.

מיכ רופט מענ אווראָמ קיסיס,—האָט, ניט באקומענדיק קיינ ענטפער, פאָרגעזעצט דער פאָרזיצער,—איכ קומ ערשט אָנ פונ פעלד, איכ בינ פארמאטערט אונ מיר—זאָגט מיר, איכ בעט אייכ, כאווער פונ רעדאקציע, צי איז דערלויבט אנ עלטערנ מענטשנ צו טרינ־קענ טיי אונ צו בענקענ אביסל נאָכ זיינ טאָכטער.

דער רעכענונג-פירער האָט א שמייכל געטאָנ אינ בערדל אריינ אונ האָט זיכ גענומענ פאָרענ עפעס אונטערנ טיש. דאָס מיידל האָט אריינגעלייגט די הענט אינ די קעשענעס, א רוק געטאָנ די טאבורעטקע מיטנ פוס אונ האָט זיכ געזעצט הארט באמ פענצטער, לעבנ דעמ פאָרזיצער.

— איכ בינ ארויסגעפאָרנ פונ ראיאָנ זעקס אזייגער אינדערפרי,—איר שטימ האָט פלוצלינג גענומענ כריפענ אונ ברעכנ זיכ,—זעקס אזייגער אינדערפרי... דאכט זיכ, אז איכ האָב היינט קיינ וואַרעמס ניט געגעסנ. עס זיינענ בא אייכ פאראנ פרויענ דאָרפ־קאָרנ?

אינ א מינוט צענ ארומ האָט דער רעכענינג-פירער געזענ ווי אווראָמ קיסיס אונ דאָס מיידל אינ דער לעדערנער קורטקע פירנ לאנגזאמ א געשפרעכ איבערנ גאס, זיי

וואקלענ זיכ פונ מידקייַט אָדער פונ געלעכטער. דער ווינט אנטקעגנ זיי האָט געטראָגנ מיט שטויב פונ כטעפ און דאָס מיידל האָט טיפ אָנגערוקט אפ איר געשוירענעם קאָפ א קאָ־לאָסאלע געקעסטלטע קעפי.

3

דעם פופצנטנ סענטיאבער באנאכט איז אווראָם קיסיס ארויסגעפאָרנ אינ ראיאָנעם צענטער. ער האָט מיטגעפירט מיט זיכ די לעצטע ראפאָרטיטשקעס. אויסער דעם איז אים פאָרגעשטאנענ ארויסצוקלאָרנ א ריי פראגנ אינ ראיאָנעם פינ־אָפטייל, אינ געכרויכ־פאר־באנד אונ דערלאנגענ אנ אָנקלאגע אפנ ראיאָנעם ערד־אָפטייל. נעבנ אימ אינ דער אלטער קאָלווירטישער בריטשקע, איז געזעסנ דאָס מיידל אינ דער לעדערנער קורטקע. זי איז געפאָרנ אינעם שכיינעסדיקנ יישעוו.

איבערנ סטעפ האָט ברייט געבלאָזנ א ווארעמער אונ הויכער ווינט. די פעלדער האָבנ זיכ מעטושט ש געהוידעט אינ דער פינצטערניש. דאָס האָט דער ווינט באומרויקט זייער שלאָפ. אפ דער לויטערער בלויקייַט פונעם אויסגעשטערנטנ הימל זייַנענ קעסיירער אָנגעלאָפנ טונקעלע וואָלקנס, צעפלאָסנ געוואָרנ אונ דאנ האָבנ די שטערנ ארויסגעזענ ווי גאָלדענע קנעפלעכ אפנ טונקעלנ סאמעט. אווראָם קיסיסנ האָט זיכ געדאכט, אז דאָס מיידל שלאָפט: צוטוליענדיק זיכ אינעם ווינקל פונ דער ברינשקע האָט זי געטעמט הויכ אונ פלאנמעסיק. אווראָם קיסיס האָט געהאט עפעס א געפיל פונ אומקלארנ ראכמאָנעס צו דעם דאַזיקנ דארינקנ מיידל. א קינד פונ שטאָט, טראָגט זי זיכ אצינד ארום איבער די באנאכטיקע סטעפישע וועגנ, פארבייַטנדיק איר שול־לעבנ אפ דער פיבערהאפטער אונ ליידנשאפטלעכער ארבעט, אפ באנאכטיקע זיצונגענ, רוישיקע צונויפלייענ, שמועסנ מיט פויערנ, אָרגאניזירנ רויטע אָבאָזנ. עס פארשטייט זיכ, זי ווייס, אז זי טוט א גרויסע אונ נייטיקע ארבעט, אז זי לערנט זיכ באמ לעבנ אליינ. אָבער פונוואנענ נעמט זיכ אינעם דאָזיקנ דארינק קערפערל אזויפיל ענערגיע אונ אקשאָנעס?

— וויפל יאָר איז אלט אייַער טאָטער? כאווער קיסיס?—האָט דאָס מיידל פלוצלינג א פרעג געטאָנ. אווראָם קיסיס האָט גענומענ דערציילנ וועגנ בערטעטשקענ, וועגנ זיכ, וועגנ זייַנ זונ ליאָוועג, וואָס איז אינעם נייַנצנטנ יאָר פריייווילינ אוועק אינ דער רויטער ארמיי. אינ אזעלכע אויסגעשטערנטע ווינטיקע נעכט האָט קיסיס ליב געהאט דערמאָנענ די פארגאנגענהייט. ליב געהאט צו דערמאָנענ די לעגענדעס וועגנ זייַנ עלטער־ווירנ דעם בלאָנדנ לייבענ, וואָס איז געקומענ אהער לויטנ באפעל פונ דער קייסערטע יעקאטערינע אונ האָט דאָ געגרינדעט די ערשטע יידישע קאָלאָניע. אונ וועגנ דעם בארימטנ עליע קיסיס, וואָס האָט אָנטיילגענומענ אינ דער מילכאָמע פונ 1812 י. אונ וואָס האָט גענומענ אינ געפענקעניש א איטאליענישנ פאָלקאָווניק. וועגנ זייַנ פעטער מישע, וואָס האָט ניט געוואָלט זייַנ קיינ פויער, איז אוועק צופוסנ פונ קאָלאָניע, האָט זיכ דערקלייבנ ביז קיעוו, זיכ צונויפגעפאָרט מיט די סטודענטנ ניהיליסטנ אונ איז פארשיקט געוואָרנ אינ סיביר. זיי אלע, אראָפגעגאנגענע פונ די געל געוואָרענע פאמיליענ־פאָרטרעטנ, זייַנענ געשטאַנענ קעגנ אימ ווי לעבעדיקע, אונ ער האָט געקאָנט ריידנ וועגנ זיי לאנג אונ אָנ אנ אופהער.

ערגעצ אינ דער ווייַטנ איז געבוירנ געוואָרנ אנ אומדערווארטער געהילכ, ווי א רופ פונ אנ אומבאקאנטער כאיע. דאָס מיידל האָט אופגעציטערט.

— איר האָט ניט דערקאָנט?—האָט אווראָם קיסיס א שמייכל געטאָנ,—אנ אווטאָמאָביל.

אינ עטלעכע מינוט ארומ האָט זיכ אפנ וועג באוויזנ אנ אווטאָמאָביל, וואָס האָט גע־טריבנ פונ זיכ א צעהוידעטנ זילבערנעמ שטויב. די מאשינ האָט געפינקלט מיט די לאמ־טערנעס פונ שטערנ. הורזענדיק, האָט זיכ די מאשינ פארבייגעטראָגנ: דאָס איז געווענ דער אווטאָמאָביל פונ רייקאָמ, וואָס איז גוט באקאנט אינעמ גאנצנ ראיאָנ.

— דער כ' זאלקינ איז אוועקגעפאָרנ,—האָט אומקוקנדיק זיכ אפ דער מאשינ, א זאָג געטאָנ אווראָמ קיסיס,—דאָס פאָרט ער ארומ דורכ די נעכט. פאָריקע וואָכ איז ער צו אונדז אויכ אָנגעקומענ אינ מיטנ נאכט. אנ אומדערמידלעכער מענטש. ווענ שלאָפט ער? א שאָד, וואָס איכ וועל אימ ניט טרעפנ אינ ראיאָנ, געדארפט זיכ דורכשמועסנ מיט אימ. פארוואָס שלאָפט איר ניט כאווערטע?

— עס שלאָפט זיכ ניט,—האָט געענטפערט דאָס מיידל.—נאָכ וויים ביזנ ייִשעוו?

— א וויאָרסט דריי אפאָנ־מ... אָבער אומזיסט זייט איר געפאָרנ באנאכט. אלע שלאָפנ.

— עס וועט זיכ אָפּוואַכנ עמעצער.

— שלעכטע געשעפטנ בא זיי, כאווער רעדאקטער, מרויעריק צו קוקנ. עס איז געקו־מענ צו מיר צופאָרנ מייער שאליט, דער פאָרויצער זייערער, געבעטנ בא מיר א טראקטע־ריסט. בא זיי, פארשטייט איר מיכ, איז א גריפ, די מענטשנ קרענקענ. א כאָדנער כא־לאעס, א מינ איספאנקע... אינ 1918 י. איז בא אונדז געווענ אזא כאלאעס—איספאנקע האָט זי געהיימנ, אסאכ מענטשנ אומגעבראכט.

— איכ קאָנ מייערנ,—האָט דאָס מיידל געזאָגט,—מיר האָבנ זיכ צוזאמענ געלערנט אינ סאָוופארט־שול.

— א קלוגער באָכער. נאָר עס גייט אימ האיאָר ניט. אונ דער אוילעמ בא אימ איז ניט קיינ גלענצנדיקער. איר פארשטייט דאָכ אליינ — פונ די שטעטלעכ, שניידער אונ קרעמער...

— איכ וויים,—דאָס מיידל האָט זיכ נאָכ טיפער פארוקט אינעמ ווינקל פונעמ וואָגנ אונ דעמ מיטפאָרער האָט געדאכט, אז איר שטימ ציט זיכ פונ ערגעצ ווייט אזא שוואכע— בינ אליינ אויכ פונ דאָרטנ, פונעמ שטעטל.

— אזוי, האָט אויסגעצויגנ אווראָמ קיסיס,—אנ איבערוואנדערקע, הייסט עס?

— ניינ... מיינ פאָטער איז לאנג געשטאָרבנ, איז פופצנ יאָר. מיר זיינענ בעזשינצעס. די מוטער האָט מיכ געטראָגנ אפ די הענט פיר טעג ביז וואנענ זי איז אומגעפאלנ, גע־לעבט בא א מומענ אינ דעמ שטעטל ליאָזנע, וויטעבסקער גובערניע.

זי איז אנשווייגנ געוואָרנ פונקט אזוי פלוצלינג, ווי זי האָט אָנגעהויבנ דערציילנ.

פונעמ טונקעלנ סאמעט פונעמ וואלקנ האָט זיכ אָפגעשפאָלטנ א גאָלדנ קנעפל אונ איז אראָפגעפאלנ, אינ א שנעלנ, פינקלדיקנ קרייז.

— ווענג בעזשינצעס האָבנ מיר געהערט,—האָט זיפצנדיק א זאָג געטאָנ אווראָמ קיסיס.—וויאזוי זייט איר אהער געקומענ, כאווערטע? לויט א מאָביליזאציע?

דאָס מיידל האָט ניט גיכ געענטפערט.

— פרייוויליק בינ איכ אוועק. אליינ געבעטנ זיכ, מע זאָל מיכ שיקנ אינעמ יידישנ ראיאָנ, אינ די נייע קאָלאָניעס. געוואָלט זיי העלפנ, די איבערוואנדערער. איכ האָב דאָכ געזענ, וויאזוי זי האָבנ זיכ געזעגנט מיטנ שטעטל, וויאזוי זיי האָבנ געפאקט די וועגע־נער. צו א נייַ לעבנ געלאָזט זיכ פאָרנ...

אווראָמ קיסיס האָט געשוויגנ, ציִענדיק מיט די פינגער די לייצעס. די ווערטער פונ דעמ שטילנ מיידל האָבנ אימ צעטומלט. אינ זיי האָט געקלונגענ עפעס א מינ פאָרוורפ.

עס זײַנען געקומען טויזנטער מענטשן צו א נײַ לעבנ. און ער, אווראָם קיסיס האָט געקוקט וויאַזוי זיי ראנגלען זיך אפן נײַעם אָרט, געשמייכלט אינ באָרד אריַינ און פאַרויסגעזאָגט זיי א מאפאָלע.

— די טראקטאָריסטן מײַנע שלאָגנ זיך אזוי אויך פונ די קויכעס,—האָט ער א זאָג געטאָנ און האָט זיך שארפ א קער געטאָנ צו זײַנ מיטפאָרערנ. טאָניע האָט א האנט צעשעדיקט, מיט א איבערגעבונדענער האנט זיצט ער באם שטורוואל. עפעס א קלייניקײַט—אָפגעבנ זיי א בריגאדיר.

— וואָס פאר א פײַערלעך זענן זיך דאָס פונ רעכטס?—דאָס מיידל האָט זיך אינגאנצנ ארויסגערוקט פונ וואָגנ און האָט פארוקט די קעפי אפנ פאטיליצע.—מיר זײַנען געקומענ צופאָרנ?

— דער זיבעטער יִשעוו,—האָט אווראָם קיסיס באשטעטיקט,—איך וועל אײַך צופיר צום פארוואַלטונג, דאָרט מוז מיסטאָמע עמעצער זײַנ.

אָבער אינ קאנטאָר איז פינצטער געווענ און דאָס מיידל האָט אומזיסט זיך געקלאפט אינ די פארשפארטע טיר און פענצטער. אפנ יִשעוו איז געווענ שטיל, קיינ מענטש אינ גאס, די ניט ארומגעצאמטע ווײַסע הײַזער זײַנען געשלאָפנ.

— א שלעכטע מײַסע,—האָט אווראָם קיסיס א זאָג געטאָנ מיטפילנדיק,—זעצט זיך, איך וועל אײַך אָפפירנ צו מייערנ. קיינ אנדער ברירע איז ניטאָ.

אָבער דאָס מיידל האָט זיך ניט געזעצט. זי איז געשטאנענ איבערנ גאס לעבנ דעם פערד און אירע מענערלעכע טריט האָבנ הילכיק געקלונגען אינ דער אָנגעשטרענגטער אויסגעשטערנטער שטילקײַט. בא מייער שאליטנ איז מענ ניט געשלאָפנ: אינ פענצטער האָט זיך געלויכטנ. אווראָם קיסיס האָט א קלאַפ געטאָנ מיטנ בײַטש-שטעקל אינ טיר, דורכגעלאָזנ פאָרויס דאָס מיידל און איז ארײַנ אינ שטוב.

— א גוט אָיינט מייער,—האָט ער א זאָג געטאָנ, אָריבערטרעטנדיק די שוועל,—אנ איירעך געבראכט, האָב ניט פאריבל.

אָבער דאָס, וואָס ער האָט דערזענ אינ צימער האָט אים אינגאנצנ איבערראשט. באם טיש איז געזעסנ מייער, בערטעטשקע און אליאָשע, אפנ טיש איז געלעגנ ברויט, צעשאָטענער קעז, פוטער, אליאָשע האָט געהאלטנ אינ האנט א פלעשל בראנפנ.

— פאפא!

אווראָם קיסיס איז געשטאנענ אפנ שוועל, א ברייטפלייציקער, א טונקעלער א פארהילטער אינ נאכט־רייכעס. ער האָט פארועקט די אויגנ און האָט געוואָרט, אז די זעונג זאָל פארשווינדנ.

אָבער בערטע איז שוינ געהאנגענ בא אים אפנ האלדז, א שלאנקע און א הייסע, האָט זי זיך צוגעדריקט מיטנ קאָפ צו זײַנ פלייצע און האָט אים געצויגנ אינ צימער ארײַנ.

— זײַ ניט ברייגעס טאטע, נו, זײַ ניט ברייגעס!—האָט זי געשריִענ.—ווּהינ טראָגט דיך אינ אזא פינצטערניש?

— כאווער קיסיס, איך בעט אײַך, זיצט.—מייער האָט זיך אופגעשטעלט און האָט הייס געדריקט די האנט דעמ דערשיטערטנ גאסט.—טרינקט אויס א קעלישעק בראנפנ. אליאָשע און בערטעטשקע האָבנ גיט אנ ארבעט געטאָנ פאר די ווירטשאַפטלעכע פאָר טעג. אפ מײַנ ערנוואָרט, בעסער פונ אײַער טאניע זאבאראָווו. און איך גיב אײַך מײַנ קאָמיוניסטיש וואָרט, אז איך האָב זיי ניט גערופנ, זיי זײַנען אליינ געקומען.

— וואָס איז דאַ צו רײדנ, פאפאשא,—אליאָשע האָט א שאָק" געטאָנ מיטנ קאָפּ אונ צוגערוקט צום שווער א פול גלעזל בראנפנ.—איכ האָב אָפּגעהוליעט מײַנ אורלויב אפנ טראקטער... אינ אָפּרו־הויז א. נ. פונ כײער שאליט. פאר אײַער געזונט, פאפאשע!

אווראָמ קיסיס האָט אוועקגעלײגט אפנ טיש זײַנ בײַטש, אויסגעטאָנ דאָס היטל, דורכ־דרינגענדיק באטראכט דעם טיש אונ די גלעזער. ער האָט געהאט עפעס אזא מינ סאָרט געפיל, פונקט ווי ער וואָלט אנשלאָפנ געוואָרנ אינ וועג, אונ וואָלט זיכ אופגעכאפּט פלוצלינג אינ א ווונדערלעכ לאנד, ווו די נאכט, די שטערנ, אונ די מענטשנ זײַנענ עפעס אויכ ערגעווײנלעכע, ניט ענלעכע אפ די, וואָס האָבנ אים ארומגערינגלט זײַנ גאנצ לעבנ.

— אפנ טראקטער?—האָט ער טויב א פרעג געטאָנ.—אזוי... אפנ טראקטער?

אונ פלוצלינג האָט ער דערפילט א שאנד—א שארפע, א הײסע, א פײַנלעכע, וואָס אזעלכעס האָט ער נאָכ קײנמאָל אינ לעבנ ניט געפילט, פונקט ווי מע וואָלט אים אויסגע־טאָנ א נאקעטנ אינ אויסגעשטעלט פאר אלע מענטשנ. ניט גאָרנישט ניט זעענדיק פאר זיכ, האָט ער בלינד אויסגעשטרעקט זײַנ האנט, גענומענ דאָס גלעזל, צוגעלײגט עס צו די ליפּנ אונ איבערגעקערט עס גלײַכ אינ האלדז ארײַנ, אזוי ווי ער פלעגט עס טאָנ אינ די יונגע יאָרנ, קעדײ צו איבעראשנ זײַנע כאווײרים, אָבער אים האָט זיכ געדאכט, אז עס גיסט זיכ אים עפּעס ווי ווארעמע וואסער אינ האלדז.

— וואָס מאכסטו, ווי לעבסטו מײער?—האָט ער דערהערט פונ דער פארנעפּלטער ווײַט דער מײרלס שטימ.—איכ בינ צוגעשיקט פונ דער צײַטונג אהער... געדענקסט?

— זיצט, כאווער קיסיס.—מײערס שטימ האָט געקלונגענ הילכיק אונ פרײלעכ.—איר אײַלט זיכ אינ ראיאָנ?

— אינ ראיאָנ,—האָט אווראָמ קיסיס געענטפערט אונ האָט זיכ שווער אוועקגעזעצט, ניט ארויסלאָזנדיק דאָס גלעזל פונ האנט.—נו, אײדימל. גיס אָנ אפנ וועג נאָכ א גלעזל... אָט אזוי קומט אונדז, אלטע נאראָנים, וואָדעג... א מיצווע אפ אונדז...

# א רומפולער קעמפער פאַרן קאָמוניזמ

## (צומ אָנדענק פונ סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוונ)

ס'איז דורכגעגאנגענ א יאָר זינט ס'איז פונ די שלאכט־רייענ פונ דער ארמיי בויער פונ סאָציאַליזמ ארויסגעריסנ געוואָרנ אונדזער קיראָוו. דער שאָס פונעמ מערדער פונ די אויסוואורפנ פונ דער ווײַסגווארדייִשער זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישער באנדע איז געווענ געריכטעט אינעמ סאמע הארצנ פונ אונדזער פארטיי. פונ דעמדאָזיקנ שאָס איז אומגעקומענ סערגיי מיראָנאָוויטש קיראָוו, וועמעס נאָמענ עס וועט שטענדיק לײַדנשאפטלעכ רופנ צומ קאמפ פארנ ענדגילטיקנ זיג פונ קאָמוניזמ אינ דער גאַנצער וועלט.

„פונ דער האנט פונעמ סוינע איז אומגעקומענ א מענטש, וואָס האָט זײַנ גאנצ העל לעבנ אָפגעגעבנ דער זאכ פונעמ ארבעטער־קלאס, דער זאכ פונ קאָמוניזמ, דער זאכ פונ באפרײַענ די מענטשהײַט",—האָבנ געשריבנ אינ זייער טרויער־וועגדונג די נאָענטסטע פרײַנט פונעמ כאווער קיראָוו אינדערשפיצ מיט דעמ גרויסנ סטאלינענ.

אינ דער פערזאָנ פונ כאווער קיראָוו האָט די פארטיי אונ דאָס גאנצע סאָוועטיש פאָלק פארלאָרנ אײנעמ פונ די סאמע בעסטע זינ זײערע, דעמ נאָענטסטנ פרײַנט אונ מיטקעמפער פונעמ פירער פונ די פעלקער—פונעמ כ' סטאלינ.

עס איז ניטאָ אונ עס קענ ניט זײַנ קײנ העכערער נאָמענ, ווי דער נאָמענ פונ א מיט־גליד פונ לענינ־סטאלינס פארטיי. טאקע אינעמ כאווער קיראָוו האָבנ זיכ וווּנדערבאר פאר־אייניקט די בעסטע אייגנשאפטנ, וואָס באשטימענ דאָס פּאָנעמ פונ א באָלשעוויק. סערגיי מיראָנאָוויטש איז געווענ א מוסטער פונ א לענינעצ, א סטאלינעצ, וואָס איז אויס־געכאָוועט געוואָרנ דורכ דער פארטיי באָלשעוויקעס.

דער וועג, וועלכנ ס'איז דורכגעגאנגענ דער כאווער קיראָוו—דאָס איז דער וועג פונעמ בעסטנ פראָפעסיאָנעלנ רעוואָלוציאָנער. פונ 48 יאָר האָט ער 30 יאָר פונ באוווּסטזיניקנ לעבנ אינגאַנצנ אָפּגעגעבנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ דער פארטיי.

אפנ גרויסנ בײַשפּיל פונעמ דאָזיקנ לעבנ וועלנ זיכ לערנענ מיליאָנענ. דאָס דאָזיקע לעבנ איז א מוסטער פאר אונדזער יוגנט, פאר וועלכער עס שטייענ גרויסע אויפגאבעס. אָבער קעדיי צו לייזנ די דאָזיקע אויפגאבעס פאָדערנ זיכ די אייגנשאפטנ, וועלכע עס האָט באזיצט דער באָלשעוויק קיראָוו—אומענדלעכע איבערגעגעבנקײַט צו לענינ־סטאלינס פארטיי אונ ברענענדיקער האס צו אלע קלאסנ־סאָנימ, צו זייער אגענטור אינ די רייענ פונ אר־בעטער־קלאס אונ פונ דער פארטיי.

נאָכ אינ דער פריִער יוגנט, אינ ווײַטנ העק, וווּהינ די צארישע רעגירונג פלעגט פאר־שיקנ די רעוואָלוציאָנערנ, איז אינ אימ אָנגעצונדנ געוואָרנ יענער פלאמ, מיט וועלכנ ער האָט געברענט ביז דער לעצטער מינוט פונ זײַנ לעבנ. נאָכ דאנ זײַנענ אָנגעצונדנ געוואָרנ די ערשטע פונקענ פונ רעוואָלוציאָנערנ געראנק אונ געפילנ אינעמ יונגנ קיראָוונ. סמ

אינ דער רעוואָליוציע פונ 1905 י., אינ די יאָרנ פונ זיצנ אינ טורמע, אינ פעריאָד פונ דער פינצטערער רעאקציע, אינ די שלאַכטנ פארנ זיג פונ דער גרויסער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ פססר אינ 1917 י., סײַ אינ די יאָרנ פונ בירגער-קריג—אפ צאָפנ־קאווקאז, הינטער אסטראכאנ, אינ באקו, סײַ אינ דער גראניט־פעסטונג פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע—אינ לענינס שטאָט—אומעטומ אונ איבעראַל האָט „סערגיי״ „סערוש״ „קאָסטריקאָוו״ „מיראָניטש״ אינ גרויסע אונ קלײנע מײַסימ געקענט פארקערפּערנ אינ לעבנ די בעסטע אייגנשאפטנ פונ א זונ פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי, פונ לענינס-סטאלינס פארטיי.

כ׳ קיראָוו האָט מיט דער גאנצער לײַדנשאפטלעכקײַט זיך געשלאָגנ פאר די פּאָזיציעס פונ באָלשעוויזמ, לעניניזמ, פארנ צענטראַל־קאָמיטעט פונ דער פארטיי, פארנ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאנד. כ׳ קיראָוו האָט אינ די ערשטע רייענ געקעמפט אונטער דער אָנפירונג פונ גרויסנ סטאלינענ קעגנ די קאָנטער-רעוואָליוציאָנערע טראָצקיסטנ, זינאָוויעוועס, רעכטע אָפּאָרטוניסטנ, קעגנ אלע אונ אלערליי אָפּנייגלער. אונ ווענ עס איז געשטאנענ די אויפגאבע צו דערשלאָגנ די רעשטלעך פונ דער צעגראָמירטער זינאָוויעוויש־טראָצקיסטישער אָפּאָזיציע אונ פעסט צונויפשמעלצנ ארומ דעמ צענטראַל־קאָמיטעט די לענינגראדער פארטייִשע אָרגאניזאציע, באופטראָגט דער צענטראַל-קאָמיטעט דעמ ראָזיקנ איניענ דעמ כ׳ קיראָוו.

דער כ׳ קיראָוו איז געווענ א מוסטער פונ אידייִש־פּאָליטישער אָנראַכמאָנעסדיקײַט אונ קאמפ קעגנ אלע סאָנימ פונ דער פארטיי, קעגנ אלע אָפּנייגנ פונ דער באָלשעוויסטישער ליניע. ניט אומזיסט האָבנ די ערגסטע סאָנימ פונ דער פארטיי—די זינאָוויעוועס, די טראָצקיסטנ מיט אזא קראַפט פײַנט געהאט דעמ ליבלינג פונ דער פארטיי, דעמ ליבלינג פונ ארבעטער-קלאס אונ פונ גאנצנ לאנד—דעמ כאווער קיראָוו. אונ ניט אומזיסט האָט די האנט פונ דעמ זינאָוויעוויש-טראָצקיסטישנ אויסוואורפ אָנגעצילט די קויל אינ אונדזער מיראָניטשנ. דער קלאסנ־סוינע איז צעגראָמירט, אָבער עס זײַנענ נאָך ניט דערשלאָגנ זײַנע נעבעכדיקע רעשטלעך. צײַטנווײַז זיצנ נאָך טיפ די רעשטלעך פונ קאפּיטאליזמ אינעמ באוווסטזײַנ פונ די מענטשנ. דער גרויסער בײַשפּיל פונעמ כ׳ קיראָווס אידייִשער אָנראכמאָנעסדיקײַט דארפ אונדז נאָך מערער באוואָפנענ אינעמ קאמפ פאר דער לעניניש־סטאלינישער פּרינציפּיעלקײַט.

אָבער זײַענדיק אומענדלעך אָנראכמאָנעסדיק צו די סאָנימ, איז ער געווענ אויסשליסלעך הארציק, ווייך אינ די פּערזענלעכע כאווערישע אונ פרײַנטלעכע באציונגענ. דער כ׳ קיראָוו האָט געוויזנ א בײַשפּיל פונ סטאלינישער זאָרג וועגנ מענטשנ. ער האָט פארמאָגט א פילבאר הארצ פונ א באָלשעוויק, א נאָענטנ, א לײַבלעכנ צו אלע פראָלעטאריער, קאָלווירטניקעס, נאָכפאָלגנדיק אינ דעמ, דעמ גרויסנ בײַשפּיל פונ כ׳ סטאלינ.

ער האָט געקאָנט ניט נאָר לערנענ די מאסנ, נאָר אפ א לעניניש, אפ א סטאלינישנ אופנ האָט ער געקאָנט זיך לערנענ בא די מאסנ. פונ דער טריבונע פונ דער בעראטונג פונ די סטאכאנאָוויצעס האָט דער כ׳ סטאלינ מיט דער גאנצער קראפט אונטערגעשטראָכנ די גרויסע באדײַטונג פונ דער דאָזיקער אייגנשאפט אָנ וועלכער עס איז ניטאָ אונ עס קאָנ ניט זײַנ קיינ ווירקלעכער באָלשעוויסטישער אָנפירער פונ די מאסנ אונ אינ דעמ איז דער כאווער קיראָוו געווענ לענינס אונ סטאלינס א שילער. א באשיידענער, אָנ גײַווע, אָנ פראזיאָרישקײַט, האָט ער געקאָנט ארײַנדרינגענ אינ יעטווידער קלײניקײַט, צוהערנ זיך צו יעטווידער וואָרט פונ א דורכשניטלעכנ פראָלעטאריער, קאָלווירטניק. דאָס האָט

אים געמאַכט פאר אנ עכטנ פירער פונ די מאַסנ. דער כ' קיראָװ איז קײנמאָל ניט אָפּ־געשטאַנענ פאר שװעריקײטנ אינ קאַמפּ פאר יענע אױפגאַבעס, װעלכע די פּאַרטײ האָט אַװעקגעשטעלט. ער איז געװענ א מוסטער פונ א העלדישנ קעמפער, שטענדיק א ציל־באַװוּסטנ, שטענדיק א גראַדנ אונ שטאַנדהאַפטיקנ. צו אים קאָנענ בעסער פונ אַלצ אָנ־געװענדט װערנ זײַנע אײגענע װערטער: „ניט קײנ שטורעמס פונ אױסנ, ניט קײנ װינטנ, װאָס הײבנ זיך אױף פונ אינעװײניק, זײַנענ פאר אונדז ניט שרעקלעכ". זײַנ ענערגיע האָט אָנגעשטעקט די גרױסע אַרמײ בױער פונ דער אָנקלאַסנדיקער געזעלשאַפט, װײַל ער אַלײנ איז געװענ דער בעסטער מײַסטער פונ דער דאָזיקער גרױסער בױונג. אונ צי דענ זײַנענ ניט מיט דער קיראָװישער ציל־געװענדטקײט, דרײסטקײט אונ ענערגיע דורכגעדרונגענ די פּאָרגעשריטנסטע מענטשנ פונ דער גרױסער אַרמײ אינ קאַמפּ פאר א העכערער פּראָדוק־טיװקײט פונ דער סאָציאַליסטישער אַרבעט — די סטאַכאַנאָװצעס? אונ די דאָזיקע אײגנ־שאַפטנ װעלנ אַלצ מערער זיכ פאַנאַנדערבלײַענ אפנ אױפגעאַקערטנ מיטנ סטאַלינישנ אַקער באָדנ פונ אונדזער הײמלאַנד.

די פּאַרטײ פונ לענינ־סטאַלינ איז רײַכ מיט טאַלאַנטפולע אָנפירער פונ די מאַסנ, אָבער דעם כאַװער קיראָװ געהערט מיט רעכט א באַזונדער אָרט. אינ קיראָװס פּערזאָנ האָט די פּאַרטײ געהאַט א קאָלאָסאַלנ סײכל אונ א קאָלאָסאַלנ אָרגאַניזאַטאָרישנ טאַלאַנט. אינ אונטערערד פונ צאַריסטנ רוסלאַנד, אינ די טורמעס, אינ די יאָרנ פונ בירגערקריג, אינ פּעריאָד פונ דער פאַנאַנדערגעװיקלטער בױונג פונ סאָציאַליזם — אומעטום אונ איבעראַל האָבנ זיכ געפילט די גרױסע פײַיִקײטנ פונ דעם דאָזיקנ העלדישנ באָלשעװיק.

אינ דער פּערזאָנ פונ כאַװער קיראָװ האָט אונדזער פּאַרטײ פאַרלאָרנ א פלאַמיקנ אַגיטאַטאָר, אנ ערשטקלאַסיקנ אָראַטאָר. דעם כ' קיראָװס װאָרט איז געװענ פּאָשעט, אָבער װוּנדערבאַר העל, דורכגעדרונגענ מיט פּראָלעטאַרישער פּאָשעטקײט. דער כ' קיראָװ איז געװענ דער בעסטער פאָרשטײער פונ דער פּאַרטײ באָלשעװיקעס, װאָס קאָנ דענקענ אונ רײדנ מיט די װערטער פונ מיליאָנענ, זײַנ רײדנ — דאָס איז א גרױסע איבערצײַגנדיקע קראַפט פונ א פאָלקס טריבונ. ער האָט געקאָנט דערגײנ ביזנ סאַמע טאָכ. אַזױ איז געװענ דערפאַר, װײַל דער כ' קיראָװ האָט אומגעװאַקלט געגלױבט אינ זײַנ זאַכ, אינ דער זאַכ פונ דער פּאַרטײ, װײַל זײַנ סײכל האָט גלענצנדיק פאַרײניקט די גרױסע אונ קלײנע מײַסימ.

זײַענדיק דערצױגנ מיט סטאַלינס אידײענ, האָט דער כ' קיראָװ געקאָנט קוקנ װײַט פאָרױס, אינ דער צוקונפט. מיט זײַנ בליק האָט ער בױלעט געזעענ דעם פּרעכטיקנ מאָרגנ פאר װעלכנ עס קעמפט אונדזער סאָװעטיש פאָלק אונ װאָס הײבט זיכ שױנ אָנ הײַנט פאַ־נאַנדערצובלײַענ מיט דער גאַנצער רײַכקײט פונ זײַנע װוּנדערלעכע פאַרבנ. הײַנט קלינגענ באַזונדערס קלאָר אינ די אױערנ דעם כ' קיראָװס אומפאַרגעסלעכע װערטער אפנ 17־טנ פּאַרטײ־צוזאַמענפאָר: „די דערפאָלגנ זײַנענ בײַ אונדז װירקלעכ קאָלאָסאַל. דער טײַװל װײס עס, מענטשלעכ גערעדט, װילט זיכ אַזױ לעבנ אונ לעבנ. אינדערעמעסנ, גיב א קוק, װאָס עס טוט זיכ. דאָס איז דאָכ א פאַקט!".

די קױל פונ די פאַשיסטיש־װײַסגװאַרדײַישע אױסװורפנ, פונ דער קאָנטער־רעװאָלוציאָ־נערער זינאָװיעװיש־טראָצקיסטישער באַנדע האָט אָפּגעשטעלט מיראָניטשעס האַרצ, װאָס האָט לײַדנשאַפטלעכ געװאָלט לעבנ אונ קעמפנ. דער דאָזיקער שאָס איז געװענ אנ אױס־דרוק פונ פאַרצװײפלונג פונ די קלאַסנ־סאָנימ, װאָס האָבנ געליטנ א מאַפּאָלע, אָבער זײ האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ אָפּצושטעלנ דאָס האַרצ, װאָס זײַנס א טײלכל איז געװענ דער

כ׳ קיראָוו,—דאָס פלאַמיקע האַרצ פונ דער רעוואָליוציע וואָס קלאַפט אינ דער ברוסט פונ מיליאָנענ. די באָלשעוויסטישע רייענ האָבנ זיכ ניט א וואַקל געטאָנ. די פאַרטיי האָט זיכ נאָכ פעסטער צונויפגעשלאָסנ אַרומ איר צענטראַל־קאָמיטעט, אַרומ דעמ כ׳ סטאַלינ. „אונדזער פאַרטיי איז פעסט ווי גראַניט! אונדזער פאַרטיי איז איינהייטלעכ אונ אומצעטיילבאַר ווי א מאָנאָליט!״ (קיראָוו).

אָנ באָלשעוויסטישער וואַכזאַמקייט איז ניטאָ אונ עס קאָנ ניט זיינ קיינ פאַרטיי־מיטגליד. די פאַרטיי רייניקט אָפּ דורכ א האַרבנ קאָנטראָל אירע רייענ פונ אַלע צווייפּנעמדיקע, פונ די טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישע קאָנטראַבאַנדיסטנ פונ די שווינדלער, אונ באַרייסער, קאַריעריסטנ, פונ אַלע קלאַסנ־פרעמדע אונ פיינטלעכע עלעמענטנ.

אָבער עס איז נאָכ ניט פאַרענדיקט די דאָזיקע רייניקונג־אַרבעט. זי דאַרפ אונ וועט דערפירט ווערנ ביזנ סאָפ. מע דאַרפ נאָכ העכער אויפהייבנ די באַדייטונג פונ דער פּאַרטייִשער דערציִונג פונ די פאַרטיי־מיטגלידער אינ פונ העכערנ דעמ אידייִש־פּאָליטישנ ניוואָ, די באַדייטונג פונ דער פּאַרטייִשער פּראָפּאַגאַנדע אינ אַגיטאַציע.

עס איז שוינ דורכגעגאַנגענ א יאָר צייט זינט דעמ מערדערס נידערטרעכטיקע האַנט האָט איבערגעריסנ דאָס פּרעכטיקע לעבנ פונ אונדזער קיראָוונ. די פאַרטיי אונ דער אַרבעטער־קלאַס האָבנ אַרויסגעטראָגנ א האַרבנ אורטייל יענע, וואָס האָבנ זיכ געשטעלט אַפנ וועג פונ ווייסגוואַרדייִש־פאַשיסטישנ טעראָר. די אייזערנע האַנט פונ דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור האָט זיכ אַראָפּגעלאָזנ אַפּ די קעפּ פונ די אָרגאַניזאַטערס, באַגייסטערער אונ אויספירער פונ דעמ דאָזיקנ כאַמע מיִעסטנ פאַרברעכנ.

אַפּ דעמ דאָזיקנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ ווייסגוואַרדייִש־פאַשיסטישנ אַקט האָט אונדזער לאַנד געענטפערט מיט גרויסע מייסימ. דאָס פאַרגאַנגענע יאָר איז געווענ א יאָר פונ וווּנדערלעכנ פאַנאַנדערבלי פונ סאָוועטישנ היימלאַנד, א יאָר פונ ניט געזעענע אויפבלי פונ די שעפערישע קרעפטנ, פונעמ העראָיִזמ פונ די פאָלק־מאַסנ אונ פונעמ קאָלאָסאַלנ וווּקס פונ פאַרמעגלעכקייט אונ שעפע. דאָס דאָזיקע יאָר וועט אַרייַנ אינ דער וועלט־געשיכטע, ווי א יאָר, וואָס האָט געבוירנ די פּרעכטיקסטע דערשיינונג פונ אונדזער עפּאָכע—די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג, וואָס איר גרויסע באַדייטונג איז אַזוי גלענצנדיק פאָרגעלייגט געוואָרנ אינ דער היסטאָרישער רעדע פונ כ׳ סטאַלינ. מיט דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג, וואָס ווערט איצט א פאָלק־באַוועגונג, מיטנ העראָיִזמ פונ די סטראַטאָנאַווטנ, פּאַראַשוטיסטנ, מיטנ העראָיִזמ פונ די פינפהונדערטלערנס אונ פונ די אוזבעקישע רייטער באַווייזנ דער אַרבעטער־קלאַס פונ סאָוועטנפאַרבאַנד אונ די קאָלווירטניקעס, אַז אינ אונדזער לאַנד איז „לעבנ געוואָרנ בעסער, לעבנ געוואָרנ פריילעכער״. מיט דער דאָזיקער פרייד פונ גליקלעכער אַרבעט פונ סאָציאַליסטישנ לאַנד איז שטענדיק געווענ דורכגעדרונגענ דער כ׳ קיראָוו. אָט פאַרוואָס עס האַרמאָנירנ אַזוי מיט אונדזער גאַנצער וווּנדערלעכער עפּאָכע זיינע פּלאַמיקע ווערטער—דער דאָזיקער היכנ פונ פרייד, קיאַפּנ, ליבע צו אונדזער וווּנדערבאַרנ היימלאַנד.

אונדזערע זיגנ—איז דער בעסטער דענקמאָל דעמ כאַווער קיראָוו. זאָלנ נאָכ שנעלער אַרבעטנ אונדזערע ווערקשטעלנ, אונדזערע טראַקטערס, קאָמבייַנענ, זאָל נאָכ אָרגאַניזירטער אונ אייַנגעפּרעסטער ווערנ אונדזער אַרבעט, זאָל נאָכ העכער ברענענ אונדזער האַס, די באָלשעוויסטישע וואַכזאַמקייט אונ אָנראַכמאָנעסדיקייט צו די סאָנימ!

(„באָלשעוויק״).

מ. קאמענשטיין

# עס וואקסט דער ווילשטאנד פון ארבעטער־קלאס אין פססר

ווי היסטעריש עס זאָלן ניט שרײַען די פאשיסטישע קייט־הינט פון פינאנץ־קאפיטאל וועגן „הונגער“ אין פססר, וואָס פארא קראָקאָדיל־טרערן זיי זאָלן ניט פארגיסן וועגן „ביטערן גוירל“ פון די סאָוועטישע ארבעטער,—באגעגנט זייער דעמאגאָגיע אן אלץ קלענערן צוטרוי אפילע אין זייער אייגענער אַודיטאָריע. וואָרום די ארבעטער־דעלעגאציעס, וועלכע קערן זיך אום פון פססר אין די קאפיטאליסטישע לענדער, באשטעטיקן אלע אין איין שטים דעם פאקט פונעם ריזיקן וווקס פון דעם ווילשטאנד פון די ארבעטער און אנדערע ארבעטנדיקע אין פססר. דאָס זעלבע באשטעטיקן אויך פיל טוריסטן, ניט־ארבעטער, וועלכע גיבן איבער מער אָדער ווייניקער אַביעקטיוו דאָס, וואָס זיי האָבן געזען מיט זייערע אייגענע אויגן אינעם לאנד פון די סאָוועטן.

מע קאָן ניט לייקענען די אלעמען באוווסטע פאקטן.

אין זײַן היסטאָרישער רעדע אפ דער ערשטער אלפארבאנדישער באראטונג פון די סטאכאנאָווצעס פון דער אינדוסטריע און טראנספּאָרט האָט דער פירער פון דער פארטיי און דעם פאָלק כאווער סטאלין געזאָגט:

„אלס יעסאָד פון דער סטאכאנאָווישער באוועגונג האָט געדינט פריִער פאר אלץ די גרינטלעכע פארבעסערונג פון דער מאטעריעלער לאגע פון די ארבעטער. לעבן איז געוואָרן בעסער, כאוויירים, לעבן איז געוואָרן פרייִלעכער. און ווען עס לעבט זיך פריילעכער, גייט די ארבעט געראָטן. פון דאנען זײַנען די הויכע נאָרמעס פון אויסארבעטונג, פון דאנען נעמען זיך די העלדן און די העלדנס פון ארבעט. אין דעם ליגט פריִער פאר אלץ דער וואָרצל פון דער סטאכאנאָווישער באוועגונג. ווען בא אונדז וואָלט געווען א קריזיס, ווען בא אונדז וואָלט געווען ארבעטלאָזיקייט,—די פּלאָג פונעם ארבעטער־קלאס, ווען בא אונדז וואָלט זיך געלעבט שלעכט, ניט ווײַל, ניט פריילעך, וואָלט קיין שום סטאכאנאָווישע באוועגונג ניט געווען בא אונדז“.

דאָס זעלבע האָבן גערעדט אפ דער דאָזיקער באראטונג די סטאכאנאָווצעס אליין. וועגן דעם האָבן גערעדט די סטאכאנאָווצעס־קאָמבײַנערן און קאָמבײַנערקעס אפ זייער באראטונג דעם 1-טן דעקאבער 1935 י. דאָס זעלבע קומט אויס צו הערן אפ א״ע גענגטלעכע און אַרטיקע צוזאמענפֿירן פון די סטאכאנאָווצעס פון די פארשיידענע געביטן פון דער פאָלקווירטשאפט.

און אנדערש האָט עס ניט געקאָנט זײַן.

די גאנצע פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־רעגירונג איז געווענדעט צו זאָרגן פאר די מענטשן, אפ אופהויבן דעם ווילשטאנד פון די ארבעטער, פויערים און אלע ארבעטנדיקע.

לאָמיר נעמען, צ. ב., דעם אַרבעטלוין פֿון די אַרבעטער. אינדערצײַט, ווען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער ווערט דער אַרבעטלוין פֿון די אַרבעטער סיסטעמאַטיש פֿאַרקירצט, איז, פֿאַרקערט, אין ססר שטײַגט ער קעסיידער. דער פֿאָנד פֿון אַרבעטלוין האָט זיך פֿאַרגרעסערט פֿון 13,6 מיליאַרד רובל אין 1930 י. ביז 49,9 מיליאַרד רובל אין 1935 י. ד. ה. אַז פֿאַר 5 יאָר איז ער געשטיגן קימאַט אין 4 מאָל. דער מיטעלער יערלעכער לוין פֿון איין אַרבעטער פֿאַר די דאָזיקע 5 יאָר איז אויסגעוואַקסן פֿון 936 ביז 2046 רובל (מיר ריידן דאָ וועגן דער „פֿאַר סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג“).

נאָר נאָכמער, ווי דער נאָמינאַלער אַרבעטלוין, וואַקסט דער רעאַלער אַרבעטלוין פֿון די אַרבעטער. די אַרבעטער־פּוילערישע מאַכט פֿירט אַן אומאָפּנויגלעכע ליניע אָפּ פֿאַרגרעסערן די פּראָדוקציע פֿון די שפּײַז־פּראָדוקטן און ביכלאַל זאַכן פֿון ברייטן געברויך און אָפּ פֿאַרביליקערן זייערע פּרײַזן. דער פּלאַן פֿונעם 2־טן פֿינפֿיאָר זעט פֿאָרויס אַ פֿאַרגרעסערונג פֿון דער באַזאָרגונג פֿון דער באַפֿעלקערונג מיט זאַכן פֿון ברייטן געברויך צום סאָף פֿון 2־טן פֿינפֿיאָר אין 2־3 מאָל אין פֿאַרגלײַך מיטן סאָף פֿון ערשטן פֿינפֿיאָר. און דער דאָזיקער פּלאַן ווערט ניט בלויז דורכגעפֿירט אין לעבן, נאָר אויפֿן גרונט פֿון דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג האָבן די אַרבעטער־מאַסן פֿון ססר אַרויסגערוקט דעם לאָזונג: „דעם צווייטן פֿינפֿיאָר אין פֿיר יאָר“. די פֿאַרווירקלעכונג פֿון דעם דאָזיקן לאָזונג באַטײַט, אַז דאָס פֿאַרגרעסערן די פּראָדוקציע פֿון די זאַכן פֿון ברייטן געברויך אין 2־3 מאָל אַנטקעגן דעם 1932 י. וועט פֿאָרקומען ניט צום סאָף 1937 י., נאָר שוין צום סאָף 1936 יאָר. דער דאָזיקער לאָזונג איז אַ דורכויס רעאַלער, וואָרום סײַ די לאַנדווירטשאַפֿט, אַזוי אויך די אינדוסטריע, וואָס פּראָדוצירט זאַכן פֿון ברייטן געברויך, אַנטוויקלען זיך מיט שטורמישע טעמפּן.

אויב דער מיטעלער יאָריקער צוּוואָקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער פּראָדוקציע אין דײַטשלאַנד אינעם פּעריאָד פֿונעם אַמערסטן מעכטיקן אופֿשטײַג פֿונעם דײַטשישן קאַפּיטאַליזם—פֿאַר די יאָרן 1860־1913—האָט באַטראָפֿן 2,9 פּראָצ., און דער צוּוואָקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער פּראָדוקציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע פֿאַרן פּעריאָד פֿון זייער „פֿאַנאַנדערבליִונג“ איז געווען אינגאַנצן 1,7 פּראָצ.—איז אינעם לאַנד פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער טעכנישער רעקאָנסטרוקציע און פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט אָפּ דער סאָציאַליסטישער באַזע, האָבן די ערשטע צוויי יאָר פֿונעם צווייטן פֿינפֿיאָר געגעבן 5,2 און דער דריטער (1935) יאָר—16 פּראָצ. פֿונעם יאָריקן צוּוואָקס פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער פּראָדוקציע.

ווען מיר וועלן נעמען דעם וויכטיקסטן פּראָדוקט פֿון דערנערונג—ברויט—וועלן מיר פֿאָלגנדיקע דערשײַנונג: אין 1927 י. ביזן אָנפֿאַנג פֿונעם ערשטן פֿינפֿיאָר און ביז דער מאַסעווער קאָלעקטיוויזאַציע—האָט די מעלוכע באַקומען פֿון דאָרף (אין דער איבערוועגנדיקער מערהײַט פֿון די אינדיווידועלע פּויערישע ווירטשאַפֿטן) פֿאַר די באַדערפֿענישן פֿון דער פּראָלעטאַרישער שטאָט און דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע בלויז 600 מיליאָן פּוד סכוירע־ברויט. אין 1935 י. האָט זי שוין באַקומען (אין דער ריזיקער מערהײַט פֿון דעם סאָציאַליסטישן סעקטער פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט—פֿון די קאָלווירטן און סאָווירטן) 1500 מיליאָן פּוד, ד. ה. אַזאַ צאָל ברויט, וועלכע באַפֿרידיקט פֿולקאָם אַלע באַדערפֿענישן פֿון די אַרבעטנדיקע פֿון שטאָט און אַלע נויטן פֿון דער פּראָדוקציע און וואָס דערלויבט נאָך צו שאַפֿן באַדײַטנדיקע ברויט־רעזערוון.

ניט ווייניקער בולטע זײַנען די רעזולטאַטן, וועלכע זײַנען דערגרייכט געוואָרן אין

1935 יאָר אפּן געביט פון דער פיצוכט. אויב אין 1934 י. האָט דער צוּוואוקס פון דער אַלגעמיינער צאָל פי אין פארגלייַך מיטן 1933 י., באטראָפן 10 מיליאָן שטיק, איז אין 1935 י., אין פארגלייַך מיטן 1934 י., האָבן מיר א וווּקס פון נייַע 20 מיליאָן שטיק. פאר איין יאָר האָבן מיר, אזויארום, א וווּקס אף 100 פראָצ. און פאר צוויי יאָר האָבן מיר א צוּוואוקס פון 30 מיליאָן שטיק פי. אזא צוּוואוקס פון פי באטייַט א נייַע ריזיקע צאָל פלייש, פעטס, לעדער, פעלכלעך א.א.וו.

א גלענצנדיקן זיג האָט אָפּגעהאלטן דער סאָוועטנפארבאנד אין היגזיכט פון אראָפּנעמען בוימוואָל—דעם דאַזיקן גרונט־רוישטאָף פאר די טעקסטיל, טריקאָטאזש, ניי און אנדערע געביטן פון דער אינדוסטריע. אין 1913 י. האָט אין געוועזענעם צארישן רוסלאנד באַטראָפן דער אַלגעמיינער אראָפּנעם פון בוימוואָל 740 טויזנט טאָן; אין 1934 י. האָט ער זיך אופגעהויבן ביז 1.175 טויזנט, און אין 1935 י. איז אראָפּגענומען געוואָרן 1.515 טויזנט טאָן, ד. ה. מערער ווי אין 2 מאָל, ווי אינעם לעצטן פארמילכאָמע-יאָר. דאָס באַטייַט א ריזיקע פארגרעסערונג פון דער מעגלעכקייַט צו באזאָרגן די באפעלקערונג מיט קליידונג, וועש, טריקאָטאזש א.א.וו. א.וו.

אף דער באזע פון די ריזיקע זיגן, וואָס עס האָט אָפּגעהאלטן אונדזער פארטיי אין היגזיכט פון אראָפּנעמען די ברויט־פראָדוקטן און טעכנישע קולטורן, אין דער פיצוכט פישפאנג א.א.וו. איז די אינדוסטריע פון פאָלקאָם־שפּייַז־אינדוסטריע געווען אימשטאנד אויספילן דעם יאָרפלאן פון 1935 י. שוין צום 1־טן דעקאבער. פאר די 11 מאָנאטן איז אויסגעארבעט געוואָרן פראָדוקציע (אין ניט געענדערטע פרייַזן פון 26־1927 י.) אף 5.243,9 מיליאָן רובל בא דעם פלאן אפן גאנצן 1935 י. פון 5.121,1 מיליאָן רובל. דער צוּוואוקס פון דער פראָדוקציע פאר די 11 מאָנאטן פון 1935 י., אין פארגלייַך מיטן זעלבן פעריאָד פון 1934 י., באטרעפט 24,7, און מיטן אויסנאם פון בראָנפן (די אויסארבעטונג פון וועלכן עס איז פארקירצט געוואָרן אין פארגלייַך מיטן פאָריקן יאָר) באטרעפט דער צוּוואוקס 27,7 פראָצ.

פון די וויכטיקסטע פראָדוקטן אין פארגלייַך מיטן אנטשפרעכנדיקן פעריאָד פונעם פאָריקן יאָר איז אויסגעארבעט געוואָרן מער:

| | | |
|---|---|---|
| פלייש . . . . . . . . | אף | 79,4 טויזנט טאָן |
| ווּרשט און געריכערטע פליישן . . . | „ | 52,3 „ „ |
| פיש און פיש-פראָדוקטן . . . . | „ | 164 „ „ |
| מעלצוקער . . . . . . . | „ | 349,6 „ „ |
| צוקער ראפינאד . . . . . . | „ | 224,7 „ „ |
| אייל . . . . . . . . | „ | 53 „ „ |
| בעהיימישע פוטער . . . . . | „ | 11,2 „ „ |
| מילכ-פראָדוקטן . . . . . . | „ | 37 „ „ |
| קאנדיטערייַ-סכוירעס . . . . . | „ | 48,4 „ „ |
| קאָנסערוון . . . . . . . | „ | 186,4 מיליאָן קעסטלעך |
| קראָכמאָל־פראָדוקטן . . . . . | „ | 23,2 טויזנט טאָן |
| ביר . . . . . . . . | „ | 2085 „ דעקאליטער |
| פאפיראָסן . . . . . . . | „ | 6 מיליארד שטיק |
| מאכאָ־קע . . . . . . . | „ | 822 קאסטנס |
| אָליווע . . . . . . . . | „ | 6,9 טויזנט טאָן |

אָט ואָס פארא ריזיקע מאסע פראָדוקטן פון ברייטן געברויכ האָט אָנגעהויבן פראָדוצירן די סאָוועטישע אינדוסטריע אין פארלויף פונעם צווייטן פינפיאָר און באזונדערס אין 1935 י.

מע דארפ דערבײַ נאָכ אונטערשטרײַכנ פאָלגנדיקע אָנגעלעגנהײַט. אויב אינ די פריִערדיקע יאָרנ איז די סאָוועטנ־רעגירונג געווענ געצווּנגענ א באשטימטע טײל שפּײַז־פּראָדוקטנ ארויספירנ אינ אויסלאנד, ווײַל עס איז נויטיק געווענ וואליוטע אָפּצאָלנ פאר די ארײַנגעפירטע פונ אויסלאנד מאשינעס אונ אײַנריכטונג פאר דער סאָוועטישער אינדוסטריע, טראנספּאָרט אונ לאנדווירטשאפט, איז איצט שוינ ניטאָ אינ דעם קײנ נויטווענדיקײַט. ערשטנס, האָט די סאָוועטישע אינדוסטריע זיכ אויסגעלערנט אלײנ אויסצוארבעטנ יענע מאשינעס, וועלכע זײַנענ פריִער ארײַנגעפירט געוואָרנ פונ אויסלאנד, אונ צווייטנס, איז שטארק אויסגעוואָקסנ דער ארויסבאקום פונ גאָלד אינ פססר: אינ פארגלײַכ מיטנ 1933 י. איז דער ארויסבאקום פונ גאָלד געשטיגנ אפּ 78 פּראָצ. אונ אינ פארגלײַכ מיטנ 1928 י.—אינ 15 מאָל. די סאָוועטישע מעלוכע האָט אפּ אזא אופנ א מעגלעכקײַט צו צאָלנ פאר די ארײַנגעפירטע, אינ א קלענערער צאָל, סכוירעס מיט מעזומענע געלט. די סאָוועטנ־רעגירונג האָט זיכ דעריבער איצט אָפּגעזאָגט ארויסצופירנ וועלכע עס איז שפּײַז־פּראָדוקטנ קײַנ אויסלאנד. אדאנק דעם גײט די גאנצע אויבנויסגערעכנטע קאָלאָסאלע צאָל פּראָדוקטנ, וואָס ווערט באקומענ אונ אויסגעארבעט אינ פססר, פולקאָם אפּ פארבעסערנ די לאגע פונ די ארבעטער אונ אלע ארבעטנדיקע.

וואָס זשע פארא רעזולטאטנ האָבנ מיר פונ דעם דאָזיקנ אָנגעהויבענעם צופלוס פונ די דערנערונג־סכוירעס? אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער ברענגט ניט די רײַכע גערעטעניש פאר די ארבעטנדיקע קײנ שום נוצנ, ווײַל די קאפּיטאליסטנ, וועלכע פאראייגענענ זיכ א גרויסנ כײלעק פונ די פּראָדוקטנ, פארניכטנ אומיסנע די „איבעריקע" מאסנ פּראָדוקטנ, קעדײ ניט דערלאָזנ עס זאָלנ פארקירצט ווערנ די פרײַזנ אפּ זײ. אנ אנדער זאכ איז בא אונדז אינ דער ארבעטער אונ פויערים־מעלוכע. דאָ זעענ מיר א פארקערטע דערשײַנונג: די סאָוועטישע רעגירונג האָט אויסגענוצט דעם צופלוס פונ די שפּײַז־פּראָדוקטנ אפּ אראָפּזעצנ די פרײַזנ אפּ זײ.

אינ העסקעם מיט דער באשטימונג פונ ראטפאָלקאָם פססר אונ צק אלקפּ(ב) פונ 26־טנ סענטיאבער 1935 י. זײַנענ, ווי עס איז באוווּסט, ליקווידירט געוואָרנ די קארטלעכ־סיסטעם אפּ אלע שפּײַז־פּראָדוקטנ אונ עס זײַנענ באדײַטנדיק פארקלענערט געוואָרנ די מעלוכע־פרײַזנ אפּ זײ.

די זעלבע רײַכע גערעטעניש אפּ לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטנ האָט געבראכט צום אראָפּזעצנ די פרײַזנ אויכ אפּ די קאָלווירטישע מערק. דאָס קאָנ מענ זענ פונ די פאָלגנדיקע טאבעלעס.

| קאָלווירטישע מערק אינ די שטעט: | פרײַזנ אפּ פלײש (אינ קאָפּיקעס פאר א קילאָגראם) | |
|---|---|---|
| | 1־טער נאָיאבער 1935 י. | 15־טער נאָיאבער 1935 י. |
| מאָסקווע . . . . . | 761 | 678 |
| אָרענבורג . . . . . | 800 | 500 |
| סימפעראָפּאָל . . . . | 700 | 500 |
| כארקאָוו . . . . . | 700 | 650 |
| קיִעוו . . . . . | 650 | 600 |
| מינסק . . . . . . | 700 | 650 |

| קאָלווירטישע מערק אין די שטעט: | פרייַזן אף כאזער (אין קאָפּיקעס פאר א קילאָגראם) 1-טער נאיאבער 1935 י. | 15-טער נאיאבער 1935 י. |
|---|---|---|
| מאָסקווע . . . . . | 957 | 930 |
| גאָרקי . . . . . . | 766 | 700 |
| קיבישעוו . . . . . | 1000 | 880 |
| אָרענבורג . . . . . | 900 | 700 |
| סאראטאָוו . . . . . | 800 | 650 |
| סימפעראָפּאָל . . . . | 1000 | 700 |
| קיעוו . . . . . . | 800 | 760 |

| קאָלווירטישע מערק אין די שטעט: | פרייַזן אף פוטער (אין קאָפּיקעס פאר א קילאגראם) 1 טער נאיאבער 1935 י. | 15-טער נאיאבער 1935 י. |
|---|---|---|
| מאָסקווע . . . . . . | 1504 | 1463 |
| קיראָוו . . . . . . | 1350 | 1250 |
| אָרענבורג . . . . . | 1600 | 1400 |
| סטאלינגראד . . . . . | 1600 | 1500 |
| כאַרקאָוו . . . . . . | 1500 | 1400 |

| קאָלווירטישע מערק אין די שטעט: | פרייַזן אף מילך (אין קאָפּיקעס פאר א ליטער) 1-טער נאיאבער 1935 י. | 15-טער נאיאבער 1935 י. |
|---|---|---|
| מאָסקווע . . . . . | 183 | 173 |
| גאָרקי . . . . . | 156 | 137 |
| קאזאן . . . . . . | 120 | 100 |
| אָרענבורג . . . . . | 140 | 130 |
| סאראטאָוו . . . . . | 140 | 130 |
| כאַרקאָוו . . . . . | 130 | 125 |
| מינסק . . . . . . | 120 | 115 |

אפ אזא אופנ איז צו זענ, אז אפילע פאר אזא קורצנ טערמינ פונ א האלבנ כוידעש האָבנ מיר א פיל באַדײַטנדיקע פארביליקערונג פונ די פרײַזנ אפ די קאָלווירטישע מערק פונ די גרעסטע שטעט אינ פססר: פלייש—אפ 7‑37 פראָצ., כאזער—אפ 5‑30 פראָצ., פר־סער—12,5—2,7 פראָצ. מילכ—אפ 16,4—3,8 פראָצ.

אײַנצײַטיק מיט דער פארביליקערונג פונ די פרײַזנ אפ די דערנערונג־פראָדוקטנ גייט א קעסיידערדיקע פארביליקערונג פונ די פרײַזנ אויכ אפ די אינדוסטריעלע סכוירעס. די פארביליקערונג פונ די סכוירעס פונ ברייטנ געברויכ פארגרעסערט די קויפ־פייִקײַט פונ סאָוועטישנ רובל. אפ אזא אופנ גייט בא אונדז די פארגרעסערונג פונעמ רעאלנ ארבעטלוינ אונ דער ווילשטאנד פונ די ארבעטנדיקע לויט צוויי ליניעס: לויט דער ליניע פונ פארגרעסערנ דעמ נאָמינאלנ ארבעטלוינ אונ לויט דער ליניע פונ העכערנ דעמ סכוירע־ווערט פונ די סאָוועטישע געלט.

דערבײַ דארפ מענ אָפמערקנ, אז דער ווילשטאנד פונ די סאָוועטישע ארבעטער ווערט אויסגעמאָסטנ ניט בלויז מיטנ געלט־טייל פונ ארבעטלוינ. דער סאָוועטישער ארבעטער באקומט נאָכ מאטעריעלע ווילטאָקנ אינ דער פאָרמ פונ סאָציאלנ טייל פונ ארבעטלוינ: ביליקע דירע, אומזיסטע היילונג אונ אָפרו, אומזיסטע לערע פאר די ארבעטער גופע, פאר זייערע פרויענ אונ קינדער, ביליקע (אונ אָפט אויכ אומזיסטע) דערציִונג אונ שפּײַזונג פונ קליינע קינדער אינ די יאסליעס, קינדער־גערטנער אונ אפ די קינדערפלעצער, הילפ די פרויענ אינ דעקרעטיווע אורלויב, די מוטערס, וועלכע דארפנ זויגנ די נײַ־געבוירענע קינדער; ביליקע צײַטונגענ, ביכער אונ לערנביכער, ביליקער (אונ אָפט אומזיסטער) טעאטער אונ קינאָ, אומזיסטער באזוכ פונ די פארקנ פונ קולטור אונ אָפרו, פונ קלובנ א. א. ו. א.וו. ניט ווייניק ווערטפולע מאטאָנעס אונ פרעמיעס באקומענ די ארבעטער אונ ארבעטערנס, וועלכע ארבעטנ שלאָגלעריש אפ דער פראָדוקציע, פונ די ווירטשאפטלעכע אָרגאנענ, פונ די פראָפפאריינענ אונ אנדערע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס.

וועגנ דער פארגרעסערונג פונ דעמ ווילשטאנד אונ קויפ־פייִקײַט פונ די סאָוועטישע ארבעטער זאָגט איידעס אויכ דער פאקט, וואָס אינ די שטעט, וו עס זײַנענ קאָנצענטרירט די הויפט־מאסנ פונ פראָלעטאריאט, וואקסט אומאויפהערלעכ דער אומזאצ פונ די האנדל־אונטערנעמונגענ: פאר די ערשטע 10 מאָנאטנ 1935 י. איז די לייזונג פונ די האנדל־אונטערנעמונגענ אינ די שטעט פונ פססר אויסגעוואקסנ אינ פארגלײַכ מיטנ פאָריקנ יאָר אפ 30,1 פראָצ. נאָכ העכער איז דער דראָזיקער וווּקס אינ די גרעסטע פראָלעטארישע צענטרענ. אזוי, צומ בײַשפּיל, איז דער אומזאצ פונ די מאָסקווער שפּײַז־מאגאזינענ אינ דער אָרגאניזאציע „גאסטראָנאָמ״ פארנ ערשטנ פינפטאָג פונ נאָיאבער 1935 י. אויסגעוואָקסנ אינ פארגלײַכ מיטנ זעלבנ פעריאָד פונ 1934 י. אפ 43 פראָצ. דער צענטראלער אוניווערסאל־מאגאזינ פונ פאָלקאָמ־אינערנ האנדל אינ מאָסקווע, וועלכער האנדלט מיט אינדוסטריעלע סכוירעס, האָט פארקויפט דעמ 6־טנ נאָיאבער האיאָר (ערעוו די אָקטיאבער יאָנטויוויִמ) סכוירעס אפ 3 מיליאָנ רובל. דאָס איז קימאט אינ אָנדערהאלבנ מאָל מער ווי די לייזונג פונ 6־טנ נאָיאבער 1934 י. אנאלאָגישע דערשײַנונגענ באמערקנ זיכ אויכ אינ אנדערע גרויסע פראָלעטארישע צענטרענ. דערבײַ איז אינטערעסאנט אָפמערקנ, אז אינ די פאריאָנטעוודיקע טעג האָבנ די אוניווערסאל מאגאזינענ פארקויפט באזונדערס פיל מאנטלענ, קאָסטיומענ, קראגעלעכ, שניפסנ, טעפּיכער, גארדינענ אונ מוזיקאלע אינסטרומענטנ. דאָס באווײַזט דעמ וווּקס פונ דער פארמעגלעכקײַט אונ קולטורעלנ געברויכ פונ די סאָוועטישע ארבעטער.

ווענג ווּקס פונעמ וווילשטאנד פונ אונדזערע ארבעטער זאָגט אײדעס אויכ אנ אנדער פאקט—דער ווּקס פונ די אײַנלאגנ אינ מעלוכישע שפּאָרקאסעס אינ די שטעט. אנ ארבעטער, וועלכער לײַדט נויט אונ איז געענגט, האָט באַרנישט וואָס צו ארײַנטראָגנ אינ דער שפּאָרקאסע. דער ווּקס פונ די אָפּשפּאָר־סומעס פונ די ארבעטער אינ די צענטרען ווײַזט, אז בא די ארבעטער איז דער פארדינסט גרעסער פונ די הויצאָעס.

אָט איז די טאבעלע, וועלכע ווײַזט וויאזוי עס איז אויסגעוואָקסנ אינ אָקטיאבער 1935 י. אינ די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע געגנטנ די סומע פונ די אינדיווידועלע אײַנלאגנ אינ די שטאָטישע שפּאָרקאסעס לויטנ פארגלײַכ מיטנ זעלבנ כוידעש פונ פאָריקנ יאָר.

דער צופלוס פונ אײַנלאגנ אינ אָקטיאבער (אינ מיליאָנ רובל)

| | 1934 י. | 1935 י. |
|---|---|---|
| גאָרקער קאנט . . . . . . . . . | 0,2 | 0,4 |
| מאָסקווער געגנט . . . . . . . . . | 2,6 | 8,5 |
| לענינגראדער געגנט . . . . . . . | 0,4 | 4,4 |

אפ אזא אויפנ איז דער צופלוס פונ אײַנלאגנ אינ אָקטיאבער 1935 י. אינ די שטאָטישע שפּאָרקאסעס אינ פארגלײַכ מיט אָקטיאבער 1934 י. פארגרעסערט אינ גאָרקער קאנט אינ 2 מאָל, איבער מאָסקווער געגנט—מער ווי אינ 3 מאָל אונ אינ לענינגראדער געגנט—אפ 11 מאָל

***

די ריזיקע בארײַטונג אונ אײנצײַטיק דער וויכטיקסטער ווײַזער פונעמ ווּקס פונעמ וווילשטאנד בא די ארבעטער אינ אונדזער לאנד איז די סטאכאנאָווישע באוועגונג. מיר האָבנ אויבנ שוינ געבראכט די אָנווײַזונגענ פונ כאווער סטאלינ, אז אײנע פונ די הויפּט סיבעס פארוואָס עס איז אויפגעקומענ די סטאכאנאָווישע באוועגונג גראדע אינ 1935 י. איז דאָס, וואָס אונדזערע ארבעטער האָבנ איצט אָנגעהויבנ בעסער צו לעבנ, וואָס די ארבעטער האָבנ רעאל דערפילט, אז ניט בלויז אינ פּאָליטישנ, נאָר אויכ אינ פערזענלעכ-מאטעריעלנ הינזיכט האָט די סאָציאליסטישע סיסטעמ א ריזיקנ איבערגעוויכט איבער דער קאפּיטאליסטישער. אינ דערזעלבער צײַט וועט די סטאכאנאָווישע באוועגונג גופע ברענגענ אומפארמײַדלעכ צו א נאָכ גרעסערנ אויפשטײַג פונ דער פארמעגלעכקײַט פונ די ארבעטער, ווײַל פונ אײנ זײַט ברענגט די אָנווענדונג פונ די סטאכאנאָווישע מעטאָדנ אינ דער אינדוסטריע, וועלכע פּראָדוצירט די זאכנ פונ ברײטנ געברויכ, אונ אינ דער לאנדווירטשאפט צו א נאָכ גרעסערער שעפע פונ זאכנ פונ ברײטנ געברויכ, אונ פונ דער אנדערער זײַט ברענגט דער קאָלאָסאלער אופשטײַג פונ דער ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט פונ די ארבעטער אינ די באדינגונגענ פונ דער פּראָלעטארישער דיקטאטור אומפארמײַדלעכ צו א ריזיקער העכערונג פונעמ ארבעטלוינ אונ, אזוי ארומ, אנ אופשטײַג פונעמ וווילשטאנד פונ די ארבעטער.

מיר האָבנ אויבנ געזענ, אז דער מיטעלער יאָריקער ארבעטלוינ פונ אונדזערע ארבעטער אינ 1935 י. (ניט רעכענענדיק דעמ לעצטנ סטאכאנאָווישנ פעריאָד) האָט באטראָפנ

2.046 רובל, אָדער 170 רובל א כוידעש. אונ אָט זײַנענ ציפערנ פונעמ ארבעטלוינ בא א גאנצער רײ סטאכאנאָווצעמ בלויז פארנ כוידעש אָקטיאבער 1935 י.

| | אינ רובל |
|---|---|
| 1. מישקע—א שלאָסער-אינסטרומענטאלשטשיק פונ מאָסקווער זאוואָד פונ בוי־ווארשטאטנ א. נ. אָרדזשאָניקידזע . . . . . . . . | 1.221 |
| 2. כודייעוו—שלאָסער פונ מאָסקווער טאָרמאָזנ-זאוואָד . . . . | 1.140 |
| 3. ליסינ—שלאָסער פונעמ זעלבנ זאוואָד . . . . . | 1.187 |
| 4. וואלצפער—שלאָסער פונ לאָמפנ-זאוואָד פונ עלעקטרא-קאָמבינאט (מאָסקווע) . | 1,500 |
| 5. יאקובינ—אינסטרומענטאלשטשיק פונ ערשטנ מעלוכישנ זאוואָד פונ שאריקאָפּאָדשיפּ-ניקעס א. נ. קאגאנאָוויטש (מאָסקווע) . . . . . . | 2187 |
| 6. קוליקאָוו—אינסטרומענטאלשטשיק פונ זעלבנ זאוואָד . . . . | 1 378 |
| 7. לעאָנאָוו—אײַנריכטער פונ שמיד-צעכ פונעמ זעלבנ זאוואָד . . . . | 1.039 |
| 8. מאקאראָוו—אײַנריכטער פונעמ זעלבנ צעכ אונ זאוואָד . . . . | 1.065 |
| 9. מארטעכאָוו—שמירער פונ זאוואָד „עלעקטראָסילא“ (לענינגראד) . . . | 1.033 |
| 10. פראָלאָוו—שמירער פונ זאוואָד א. נ. מארטי . . . . . | 1.065 |
| 11. זימאטאָוו—שמירער פונ זאוואָד „קראסני וויבאָרזשעצ“ . . . . | 1.131 |

א. א. וו. א. א וו.

עמעס, די סטאכאנאָווצעס זײַנ־נ נאָכ דערווײַל א מינדערהײַט צווישנ די ארבעטער פונ פססר, נאָר זייער צאָל וואקסט מיט אנ אויסערגעוויינלעכער שנעלקײַט אונ עס איז אָנ צוויפל, אז זיי וועלנ גיכ פאָרשטעלנ מיט זיכ א מערהײַט.

אזא איז די פילפארביקע שפראכ פונ ציפערנ אונ פאקטנ.

דער ווילדער געביל פונ די פאשיסטישע הינטלעכ וועגנ „דער שווערער לאגע פונ די רוסישע ארבעטער“ דערקלערט זיכ בלויז מיט דעמ, וואָס די פאשיסטישע מאכערס פונ היטלערישנ דײַטשלאנד שטייענ פאר אנ אלצ פארערגערנדיקער דערנערונג־לאגע, פארנ אָנקומענ פונעמ הונגעריקנ ווינטער אונ דער וואקסנדיקער אומצופרידנהײַט פונ די דײַטשישע ארבעטער מאסנ; זיי ווילנ מיט דעמ אָפּציִענ די אויפמערקזאמקײַט פונ די ארבעטער פונ די ווירקלעכע שולדיקע אינ זייער רעגירונג אונ הונגער. דער עמעס וועגנ סאָוועטנ־פארבאנד דערגייט אָבער צו די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע פונ אלע לענדער איבער די אלע פאשיסטישע באריערנ.

קאַלמען מאַרמאָר

# ווינטשעווסקיס וועג

מאָריס ווינטשעווסקי איז געווען טעטיק מיט זײַן פעדער 55 יאָר, פון 1873 ביז 1927. זײַן ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט איז געווען אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן אַ טאַלמעד־טוירע. זײַן לעצטע סעריע אַרטיקלען האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ באַשרײַבונג פון זײַן באַלשעוויסטישן פּאַרטיי־בילעט.

אָט דער לאַנגער וועג פון האַסקאָלע צום קאָמוניזם איז ניט געווען קיין גלײַכער, קיין קעסיידערדיקער באַרג אַרויף. ווינטשעווסקיס וועג איז געווען פול מיט זיגזאַגן, שטײַגן און פאַלן, פאַלן און שטײַגן.

אין זײַן ערשטן פּעריאָד האָט ווינטשעווסקי, אָדער בען־ציען נאָוואַכאָוויטשי. ווי ער האָט נאָך דעמאָלט געהייסן, זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט פון דעם דורכשניטלעכן מאַסקיל פון יענער צײַט. ער איז דורך און דורך מאַסקיל ניט בלויז אין עם מאַסקילים־קרײַז פון קאָוונע. ער ענדערט זיך ווייניק אויך אין דער טיפּ רוסישער שטאָט אָריאָל, וווּ ער ווערט באַווירקט פונעם רוסישן פאָלקיזם. ווינטשעווסקי פירט זיך אין אָריאָל לויטן רעגל פון דער האַסקאָלע: „זײַ אַ ייִד אין דײַן געצעלט און אַ מענטש אין גאַס". ער זאַמלט געלט פאַר ערעץ־ייִסראָעל און וויל גילטן פאַר אַן עכטן רוס. זײַנע העברעיִשע לידער און קאַפּיטלען שרײַבט דעמאָלט ווינטשעווסקי אין עם קאָנסערוואַטיוון וואָכנבלאַט „המגיד". ער האָט ניט קיין צוטריט, און זוכט עס אויך ניט, צום ליבעראַלן זשורנאַל „השחר", וווּ ס'האָבן מיטגעאַרבעט אַ רײ פּראָגרעסיווע מאַסקילים. ווען ער לייענט איבער אָרן ליבערמאַנס אויפרוף „צו דער אינטעליגענטנער ייִדישער יוגנט", זי זאָל זיך שטעלן אין די רייען פונעם פּראָלעטאַריאַט און זיך גרייטן צו דער סאָציאַלער רעוואָליוציע, רעאַגירט אויף דעם ווינטשעווסקי מיט אַ פּלאַן פון אַ פאַריין אויף צו דערציִען ייִדישע קינדער אין קאָוונע פאַר באַלמעלאָכעס.

זײַנע ערשטע טראָט צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג מאַכט ווינטשעווסקי אַ יאָר שפּעטער אין קעניגסבערג (פּרײַסן), אין האַרבסט 1877. ער ווערט דאָרט באַווירקט פון דער סאָציאַליסטישער ייִדישער סטודענטנשאַפט, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום ליבערמאַנס זשורנאַל „האמת" (האָעמעס—דער עמעס) און זיך אויך באַטייליקט אין דער דײַטשישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ווינטשעווסקי באַווײַזט ניט מיטצואַרבעטן אין „האמת", וועלכער הערט באַלד אויף צו דערשײַנען. ער שרײַבט לידער פעליעטאָנען און אַרטיקלען איבער סאָציאַלע פראַגן אונטער די נעמען (בען־נעץ) און „יגלי" (יאָגלי) אין ראָדקינזאָנס אויסגאַבעס „הקול" און „אספת חכמים" אין קעניגסבערג. ער שרײַבט אויך פון צײַט צו צײַט אַנאָנים אין דער אָרטיקער דײַטשישער סאָציאַליסטישער צײַטונג. ער מאַכט אויך זײַנע ערשטע פּרווון צו שרײַבן אין ייִדיש.

ווינטשעווסקעס ערשטע פעליעטאָנען אינ ייִדיש, געשריבנ אינ „קול לעם“ (קויל-לעאָם—פאָלק-שטימע) 1877 און 1879, זײַנען נאָכ גאָר רוי. ניטאָ אינ זיי אפילע יענער סאָציאַלער פראָטעסט, וואָס אינ זײַנע העברעיִשע פעליעטאָנען פונ יענער צײַט. ווינטשעווסקי איז נאָכ ניט געווען זיכער מיט זײַנע ייִדישע לייענער. ער האָט נאָכ פאר זיכ ניט געזען אזא ארבעטער־מאסע, ווי ער האָט געזען עטלעכע יאָר שפּעטער אינ לאָנדאָנ. דערצו איז אפ א לעגאַלנ אָרגאנ אינ ייִדיש געווען א שטרענגערע צענזור, ווי אפ העברעיִשע אויסגאבעס, וואָס זײַנען אויסגערעכנט פאר מאסקילים און לאָמדים.

אינ זײַנ ערשטנ פעליעטאָנ אינ ייִדיש „דער גרענעדער־פירער“ („קול לעם“, אָקטיאבער 26, 1877) אונטערגעשריבנ „כענ קאָווגע“, שרײַבט ווינטשעווסקי, אז „פאר נויט עסט אופ איינ גוויר, וואָס טויזנט אַרעמע האָרעווען דערופ“. ער שילדערט דאָרט אויכ די אומצופרידענע מאסנ פונ זײַנ שטאָט, וואָס זײַנען „בעריעס אינ ריידנ“—

„זיי זײַנען נאָכ אלע גיבוירים אינ ריידנ,
אָבער פליגנ אינ טאָנ:
זיי מיינענ מענ קאָנ יעסורים פארליידנ,
פארליידנ א שלעכטנ צאָנ.
ניינ, מײַנע ברידער, איר זײַט אינ טאָעס,
אינ טאָעס אפ מײַנע נעמאָנעס!
צו א שלעכטנ צאָנ העלפט קיינ האמצאָעס,
רײַסט ארויס אָנ ראכמאָנעס“.

קרעפּטיקער זײַנען געווען ווינטשעווסקעס לידער און פעליעטאָנען אינ העברעיִש, ווו ער איז געווען זיכער מיט זײַנ מאסקילישנ לייענער און איז אויכ ניט געווען אונטערגעוואָרפנ אזא שטרענגע צענזור ווי אינ ייִדיש. פונ דעם העברעיִשנ אָרגאנ „אספת חכמים“ איז ער אויכ אליינ געווען דער רעדאקטער. נאָר סײַדוי האָט די רוסישע צענזור זיכ בעכאפּט, אז דאָס איז א „געפערלעכער“ אָרגאנ און אים פארבאָטנ ארײַנצולאָזנ אינ רוסלאנד. ווינטשעווסקי אליינ ווערט באלד ארעסטירט און ארויסגעשיקט פונ פרײַסנ, ס'איז געווען אינ דער צײַט פונ דעמ אנטיסאָציאַליסטישנ געזעצ אינ דײַטשלאנד, ווענ אלע סאָציאַליסטישע טעטיקײַטנ זײַנען דאָרט געווען פארבאָטנ. פאר דעמ יוגנטלעכנ ווינטשעווסקענ זײַנען די קנאפּע פינפ פערטל יאָר טעטיקײַט אינ קעניגסבערג געווען א גרויסע געשעעניש. ער איז געווען דער ייִנגסטער העברעיִשער רעדאקטער און געהאט פאר מיטארבעטער די זײַלנ פונ דער פאָלקיסטישער האסקאָלע: ליליענבלום, קאמינער און זייער גלײַכנ. ער אליינ האָט געשריבנ אכוצ לידער, פעליעטאָנען און א ראָמאנ, אויכ פובליציסטישע ארטיקלענ, אינ וועלכע ער האָט געקעמפט מיט די הויפט־פירער פונ דער ליבעראַלער העברעיִשער זשורנאליסטיק: סמאָלענסקענ און צעדערבוים. ער האָט געשריבנ, אנאָנים, אינ דײַטשע סאָציאַליסטישע אויסגאבעס און זיכ באטייליקט אינ דער אָרטיקער סאָציאַלדעמאָקראטישער באוועגונג. ווינטשעווסקי האָט אויכ יאָרנ שפּעטער שטארק שטאָלצירט מיט זײַנ קעניגסבערגער טעטיקײַט. ער האָט זי געמאָלנ מיט זײַנע שענסטע פארבנ. ער איז געווען באזונדערס שטאָלצ, וואָס זי האָט זיכ פארענדיקט מיט טורמע און פארשיקונג, א סימענ, אז זי איז געווען געפערלעכ פאר דער בורזשואזיע.

ווייניקער שטאָלצ האָט ווינטשעווסקי געקענט זײַנ מיט זײַנע ערשטע פינפ יאָר טעטיקײַט אינ לאָנדאָנ, פונ 1879 ביז 1884. ער כאווערט זיכ אינ יענער צײַט פונ איינ זײַט

מיט דעם שפּעטערדיקן אַנאַרכיסטישן פירער יאָהאַן מאָסט, וועלכער באַקעמפט דעמלט זייער ביטער די פירערשאַפט פון דער פאַרבאָטענער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און פון דער אַנדער זײַט כאַווערט ער זיך מיט די לאָנדאָנער קאָנסערוואַטיווע מאַסקילים. ווען אַרן ליבערמאַן פאַרענדיקט זײַנע צוויי יאָר טורמע אין עסטרײַך און דײַטשלאַנד און קומט ווידער קיין ענגלאַנד (אָנהייב 1880) העלפט אים ווינטשעווסקי גרינדן דאָרט אַ יִדישן אַרבעטער־פאַריין. אַלס אָנהענגער פון מאָסטס הורא־רעוואָליוציאָניזם האַלט אָבער ווינטשעווסקי ניט פיל פון אַזוינע טעטיקײַטן, ווי אָרגאַניזירן אַרבעטער פאַר קעגנזײַטיקער הילף און זיי דאָרט בילדן און צוגרייטן פאַרן קלאַסן־קאַמף. ער ווערט דעריבער גיך מיד פון אָט דער אַרבעט און אַנטמוטיקט אויך ליבערמאַנען. ווינטשעווסקיס אײַנציקע טעטיקײַט צווישן די יאָרן 1880 און 1884 איז דעריבער בלויז זײַן אַרבעט אינעם הילף־קאָמיטעט פאַר די יִדישע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד נאָך די צאַרישע פּאָגראָמען אַף יִדן אין מײַ 1881. זײַן ליטעראַרישער שאַפן פאַר אָט די פינף יאָר באַשטייט בלויז אין עטלעכע צײַטונג־אַרטיקלען און אַ ניט געדרוקט ליד וועגן דער צידקעס פון זײַן באָבע צילע.

אַ נײַע עפּאָכע אין ווינטשעווסקיס לעבן און שאַפן הייבט זיך אָן אין 1884, מיט דער גרינדונג פון דער ענגלישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע. דער אויפבלי פון דער ענגלישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ווירקט אויך אַף דער אײַנגעוואַנדערטער יִדישער אַרבעטערשאַפט און איר רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענץ. אין יענער צײַט זעט דער געוועזענער סאָציאַליסט און שפּעטער ציאָניסט עליע וואָלף ראַבינאָוויטש אַ גוטע געלעגנהײַט פון געשעפטלעכן שטאַנדפּונקט, אַרויסצוגעבן אַ וואָכן־בלאַט פאַר די יִדישע אַרבעטער־מאַסן. ער שלאָגט פאָר די רעדאַקציע צו זײַן קעניגסבערגער סאָציאַליסטישן כאַווער ווינטשעווסקי, אָדער בען־נעץ, ווי ער פלעגט זיך דעמלט אונטערשרײַבן. ווינטשעווסקי נעמט גערן אָן דעם פאַרשלאַג. ער ווערט רעדאַקטער און מיטאַרויסגעבער פונעם „פּוילישן יִדל“.

„דער פּוילישער יִדל“ איז ניט געווען קיין אַרבעטער־צײַטונג אינעם פולן זין פונעם וואָרט. ווינטשעווסקי האָט אָבער געשטרעבט דערצו, כאָטש ער האָט זיך נאָך היפּש געוואַקלט אין זײַן שטעלונג צום יִדישן נאַציאָנאַליזם. גענוג צו דערמאָנען, אַז ער האָט דעמלט אָנגעשריבן זײַן אַרטיקל „שטיפקינד דער מענטשהײַט“, וועלכע די אַמעריקאַנער ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַ פּאָר צענדליק יאָר שפּעטער איבערגעדרוקט אינעם ערשטן נומער פון איר אָפיציעלן אָרגאַן „דאָס יִדישע פאָלק“. ניט געקוקט אַף אַלע זײַנע וואַקלונגען, איז דאָך ווינטשעווסקי קעסיידער געגאַנגען פאָרויס אין זײַן רוף צום קלאַסן־קאַמף. זײַנע ערשטע לידער אינעם „פּוילישן יִדל“ זײַנען באַווירקט פון טאָמאַס הוד און זײַן גלײַכן, דיכטער, וואָס האָבן געזוכט צו העלפן די אַרבעטער דורך אויפוועקן ראַכמאָנעס פאַר זיי. דאָך פילט זיך שוין אויך אין זיי דער פּראָטעסט קעגן אונטערדריקער און דער געדאַנק, אַז די באַפרײַונג פון די אַרבעטער וועט קומען דורך זייער אייגענער קראַפט. אין יענער צײַט טרעט ער אַרויס צום ערשטן מאָל אונטערן נאָמען „מאָריס ווינטשעווסקי“ אין זײַן בראָשור „יהי אור“ (ס'זאָל ווערן ליכטיק), אָדער „אַ פאַרקערטע וועלט“. ס'איז געשריבן אַף דעם שטייגער פון דער רוסישער פאָלקיסטישער בראָשור „די כיטרע מעכאַניקע“. אַן אויפגעקלערטער אַרבעטער קלערט אויף זײַנע צוריקגעשטאַנענע כאַווײרים וועגן זייער ווירקלעכער לאַגע און ער ווײַזט זיי דעם וועג צו זייער באַפרײַונג דורך אייניקײַט און קלאַסן־קאַמף. מעגלעך, אַז די אידיי צו אָט דער בראָשור האָט אים אין 1880 געגעבן אַרן

ליבערמאנ, וועלכער האָט נאָכ מיט יאָרנ פריִער געפלאנט אָפצודרוקנ א פרײַע באארבעטונ אינ יידיש פונ דער „כיטרער מעכאניקע“.

עכטע קאמפ־לידער הויבט אָנ שרײַבנ ווינטשעווסקי אינעם „ארבעטער־פרײַנט“, גע־גרינדעט אינ 1885. דאָס איז געווענ די ערשטע ייִדישע ארבעטער-צײַטונג געשאפנ פונ די ארבעטער אליינ. דאָרט איז קימאט זײַנ יעדעס ליד פארבונדנ מיט א געוויסער גע־שעעניש אינעם פראָלעטארישנ קלאסנ־קאמפ. אינ דער זעלביקער צײַטונג מײַסטערט ער אויכ אויס זײַנ רעוואָליוציאָנערע פראָזע, הויפטזעכלעכ זײַנע פעליעטאָנענ: „די צעשלאָגענע געדאנקענ פונ א מעשוגענעמ פילאָזאָפ“, וואָס האָבנ באווירקט עטלעכע דורות ארבעטער אינ ענגלאנד אונ אינ אמעריקע. שפעטער, ווענ די סאָציאַל־דעמאָקראטנ טיילנ זיכ אָפ פונ די אנארכיסטנ אונ גרינדנ זייערע אייגענע אָרגאנענ „פרײַע וועלט“ אונ „וועקער“ (1891־1892) ווערט ווינטשעווסקי נאָכ קעמפערישער אינ זײַנ ליד אונ פראָזע. אינ די „פרײַע וועלט“ פארעפנטלעכט ער גאנצע סעריעס לידער, וואָס פארנעמענ א באדײַטנדיקנ פלאצ אינ אלע זײַנע לידער-זאמלונגענ.

די צענ יאָרנ פונ 1884 ביז 1894, שטעלנ מיט זיכ פאָר די גלאנצ-עפּאָכע פונ ווינ־טשעווסקעס טעטיקײַט אונ שאפנ. אינ אָט די יאָרנ האָט ווינטשעווסקי צוזאמענגעוואָקסנ זײַנ פערזענלעכנ „איכ“ מיטנ פראָלעטארישנ קאָלעקטיוו. ווינטשעווסקעס וואָרט איז דעמאָלט גע־ווענ דער פולער אויסדרוק פונ זײַנ פראָלעטארישנ קלאס. דערפאר מאכנ נאָכ הײַנט א שטארקערנ אײַנדרוק ווינטשעווסקעס לידער, וואָס זײַנענ געשריבנ געוואָרנ פאר 1894. זײַנ נאָמענ אלס ארבעטער-דיכטער, אלס „זיידע“ פונ דער ייִדישער ארבעטער־באוועגונג, איז פעסט פארבונדנ מיט זײַנ לאָנדאָנער עפּאָכע פונ שטורמ אונ דראנג, פונ רעוואָליו־ציאָנערנ קלאסנ־קאמפ.

סאָפ 1894 קומט ווינטשעווסקי קײַנ אמעריקע, וווּ ער בלײַבט שוינ וווינענ ביז זײַנ טויט. ער ווערט דאָרט ארײַנגעצויגנ אינ דעמ פראקציאָנערנ קאמפ, וואָס איז דעמאָלט אָנגע־גאנגענ אינ דער „סאָציאַליסטישער ארבעטער־פארטיי“, אונטער דער אָנפירונג פונ דאניעל דעליאָן. ווינטשעווסקעס באקאנטשאפט מיט די געלע זשורנאליסטנ לוי מילער אונ אייב קאהאנ ווערט פאר אימ פאטאל. יענע פארשוינענ, וועלכע זײַנענ שפעטער ארויסגעטראָטנ אָפנ אלס סאָנימ פונעמ ארבעטער־קלאס (מילער אלס רעדאקטער פונ בורזשואזע ייִדישע צײַטונגענ „ווארהײַט“, „פירער“ א. אנד. אונ קאהאנ אלס רעדאקטער פונ געלנ פאשיסטישנ „פאָרווערטס“) האָבנ אָנגעפירט א קאמפ קעגנ דער פארטיי, קעגנ דער רע־וואָליוציאָנערער פאָליטיק פונ איר מארקסיסטישנ פירער דעליאָן. זיי באווירקנ ווינטשעווס־קענ ער זאָל צושטיינ צו זייער אָפּאָרטוניסטישער אָפּאָזיציע אונ נוצנ אויס ווינטשעווסקעס פּאָפולערנ נאָמענ אלס ארבעטער־דיכטער אָפצוציִענ די ייִדישע ארבעטער פונ דער „סאָ־ציאַליסטישער ארבעטער־פארטיי“. ווינטשעווסקי העלפט שפאלטנ די פארטיי, באקעמפנ אירע אָרגאנענ, גרינדנ דעמ געלנ „פאָרווערטס“ א. א. וו. שפעטער, ווענ ער כאפט זיכ אינ וואָס פאר א זומפ ער איז פארקראָכנ, שטעלט ער זיכ אינ אָפּאָזיציע צומ „פאָר־ווערטס“, העלפט אייב קאהאנס כאווער אינעמ געלנ זשורנאליזמ, לוי מילערנ, גרינדנ א נײַע סאָציאַליסטישע צײַטונג די „ווארהײַט“. יענע איז נאטירלעכ ניט בעסער פונעמ „פאָרווערטס“ אונ, גיט האָבנדיק הינטער זיכ די שטיצע פונ די ארבעטער-אָרגאניזאציעס, שטיצט זי זיכ וואָס ווײַטער אלצ מער אָפ די ייִדישע נאציאָנאליסטישע אָרגאניזאציעס, ביז זי ווערט א געוויינלעכע בורזשואזע ייִדישלעכע צײַטונג. ווינטשעווסקי ראטעוועט זיכ ארויס פונעמ נײַעמ פאָרווערטסיסטישנ זומפ „ווארהײַט“. ער ווענדט זיכ אָפ א ווײַל פונ דע־

קעגנוואַרט און פאַרנעמט זיכ הויפטזעכלעכ מיט זײַנ סאָציִאַליסטישער פאַרגאַנגענהײַט אינ קעניגסבערג און לאָנדאָנ, מיט זײַנע דערינערונגענ פונ די 70־ער און 80-ער יאָרנ.

די „דערינערונגענ״ איז ווינטשעווסקיס וויכטיקסטע ליטעראַרישע שאַפונג אינ אַמע־ריקע. עס איז געשריבנ אינ זײַנ אײגנטימלעכנ סטיל. ליריש און סאַטיריש. עס אַנטהאַלט אַ מאַסע פאַקטישע מאַטעריאַלנ צו דער געשיכטע פונ דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי אויכ אַ רײַ קינסטלערישע שילדערונגענ פונ פּערזאָנענ און זאַכנ. די אַנדערע שאַפונ־גענ פונ ווינטשעווסקענ אינ אַמעריקע זײַנענ פונ קלענערנ ווערט. דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געשריבנ אינ זײַנ ערשטנ אַמעריקאַנישנ „פּעריאָד״, געפינט זיכ אינ זײַנ וואָכנבלאַט „דער עמעס״ (באָסטאָנ 1895). דער „עמעס״ איז פאַר אַמעריקע געווענ אַ ליטעראַרישע געשעעניש, ער איז געווענ צוזאַמענגעשטעלט מיט געשמאַק און געווענ דורכ און דורכ ליטעראַריש. ער האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט לידער, פעליעטאָנענ, דערציילונגענ, אײנאַק־טערס, פאַבולנ, פּאַראָדיעס, אַפאָריזמענ, אַ געזעלשאַפטלעכ־סאַטיריש ווערטער־בוכ, אַ דראַ־מאַטישע פּאָעמע, ביִאָגראַפיעס פונ באַדײַטנדיקע פּערזענלעכקײַטנ, באַשרײַבונגענ פונ ווײַטע לענדער, פּאָפּולערע אַרטיקלענ פונ סאָציִאַליזם, ווי אויכ איבערזעצונגענ פונ לענ־גערע דערציילונגענ און ראָמאַנענ פונ רוסיש און פראַנצויזיש. היפּש פונ אָט די זאַכנ איז אָבער געווענ איבערגעדרוקט אָדער איבערגעאַרבעט פונ זײַנע שאַפונגענ אינ לאָנדאָנ.

גלײַכצײַטיק מיט זײַנ שרײַבנ „דערינערונגענ״ (1907־1909) זאַמלט אויכ ווינטשעווסקי זײַנע פריִערדיקע שאַפונגענ עס אַרויסצוגעבנ אינ אַ בוכ-פאָרם. ער גיט אַרויס זײַנ בוכ פע־ליעטאָנענ „דער מעשוגענער פילאָסאָפ אינ ענגלאַנד״, זײַנ איבערזעצונג פונ איבסנס „נאָראַ״ און גרייט צו צום דרוק זײַנע געזאַמלטע לידער. ער פאַרעפנטלעכט אויכ אַ בוכ „אַ טאָג מיט יאַנקעוו גאָרדינ״, אַ זאַמלונג פונ סקיצנ אינ ענגליש: „דערציילונגענ פונעם קאַמפ״ און אַרבעט אַפ זײַנע פּיעסנ און אײנאַקטערס, וועלכע ווערנ פאַרעפנטלעכט ערשט אינ די צוואַנציקער יאָרנ.

אַ היפּשע טייל פונ זײַנ ענערגיע האָט דער עלטערער ווינטשעווסקי אָפּגעגעבנ אַפ זײַנ קאַמפ קעגנ „פאָרווערטס״.

זײַנ ערשטע עפנטלעכע קריטיק קעגנ „פאָרווערטס״ האָט ווינטשעווסקי פאַרעפנטלעכט אינ דער „וואַרהײַט״ פונ 11־טנ יול 1906. ער ווײַזט אָנ, אַז דער „פאָרווערטס״ איז געוואָרנ דער אָרגאַנ פונ „דער לאַיט דיסטריקט״ (רויטע־ליכט געגנט־־פּראָסטיטוציע קוואַרטאַל) אָנ־שטאָט צו זײַנ דער אָרגאַנ פונ „דער פלעג דיסטריקט״ (רויטע־פאָנ געגנט). ווינטשעווסקי באַמערקט דערבײַ, אַז „זײַנ פאָנעם האָט געפלאַמט״ און זײַנ „האַרצ האָט געבלוטעט״ יע־דעס מאָל ווענ „אַ נײַער שריט איז געטאָנ געוואָרנ אינ דער פאַרלומפּונג און פאַרזומ־פּונג פונ דער צײַטונג, פאַר וועלכע ער, צווישנ אַנדערע, האָט געשנאָרעט אורנ (זייגער־לעכ) און ריגנעלעכ פונ פרויענ״.

אַ גענויע כאַראַקטעריסטיק פונעם „פאָרווערטס״ גיט ווינטשעווסקי אינ דער „צוקונפט״ פונ מײַ און יונ 1910. „די צוקונפט״ האָט נאָכ דעמאָלט ניט געהערט צום „פאָרווערטס״, ווי איצט, דערפאַר איז ווינטשעווסקענ געווענ מעגלעכ אים צו קריטיקירנ, כאָטש זייער פאָרזיכטיק. ווינטשעווסקי שטעלט דאָרט פעסט, אַז דער „פאָרווערטס״ האָט ניט קײנ „סאָציִאַליסטישע פיזיאָנאָמיע״ און זײַנ רעדאַקטער איז קײנמאָל קײנ סאָציִאַליסט ניט גע־ווענ, נאָר אַ קלײנבירגערלעכער ייִדישער ראַדיקאַל, אַ „ייִדישער נאַראָדאָוואָלעצ״, דערצו איז ער אַנ אַמהאָרעצ, וואָס האָט ניט קײנ שום ידיע „פונ געשיכטע פונ זײַנ צײַט, פונ די פּאָליטישע פּראָוויקלונגענ״. ער איז געבליבנ דערזעלביקער רעפּאָרטער, וואָס ער איז פריִער

געוועג אינ דער בורזשואזער פרעסע; ער ווייסט בלויז פונ געט־סקאנדאלנ, מאָרד־פראַצעסנ א. ד. גל. אינ די נײַס פונ „פאָרווערטס“ ווערט אסאכ וויכטיקע אינפאָרמאציע אבזיכטלעכ פארשוויגנ. ער קריטיקירט קיינמאָל ניט די יוניאַנ־ביוראָקראטנ. זײַנ ליטערארישע קריטיק איז אונטער יעדער קריטיק. זײַנע „אָריגינעלע“ ראָמאנענ זײַנענ פונעמ נידעריקסטנ מינ. זײַנע ענטפערס אפ דער אידיאָטישקײַט פונ זײַנע שרײַבער אינ „בינטל בריוו“ אינ פונ אזא מינ, וואָס אזוינס „דערלויבט זיכ ניט קײַנ אָנשטענדיקע קאפיטאליסטישע צײַטונג אפילע דאָ אינ אמעריקע“. ווינטשעווסקי מאכט דעמ אויספיר, אז דער גאנצער „פאָרווערטס“ געפינט זיכ אינ די הענט פונ א קליקע שטעלעס־זוכער, געשעפט־סאָציאַליסטנ וואָס זײַנענ „מאטעריעל פארינטערעסירט אינעמ געשעפט“.

דאָכ האָט ווינטשעווסקי נאָכ דעמאלט געהאָפט, אז מע קאָנ דעמ „פאָרווערטס“ רעפאָרמירנ. ביפראט, אז ער אליינ, ווינטשעווסקי—האָט זיכ נאָכ אלץ געוואקלט צווישנ אינטערנאציאָנאליזמ אונ נאציאָנאליזמ, צווישנ רעוואָליוציאָנערנ סאָציאַליזמ אונ רעפאָרמיסטישנ אָפּאָרטוניזמ. א יאָר שפעטער נאָכ זײַנ קריטיק קעגנ „פאָרווערטס“, טרעט ווידער ארויס ווינטשעווסקי מיט זײַנ אלטנ פלאנ פונ 1902 אויסצוטיילנ אווטאָנאָמ די „ייִדישע סאָציאַליסטישע באוועגונג“ פונ דער אלאמעריקאנישער. ער שלאָגט פאָר א „ייִדיש־אמעריקאנישנ סאָציאַליסטישנ „בונד“, נאָכנ מוסטער פונעמ בונד אינ רוסלאנד. זײַנ באגרינדונג איז, אז די ייִדישע סאָציאַליסטנ קאָנענ אינ ייִדישע אָנגעלעגנהײַטנ זיכ ניט פארלאָזנ אפ דער אלגעמיינער סאָציאַליסטישער פארטיי. פונ דער אנדער זײַט גרענעצט זיכ אָפּ ווינטשעווסקי זייער שארפ פונ די ייִדישע נאציאָנאלע סאָציאַליסטנ. ער זאָגט זיכ ארויס אנטשיידנ סײַ קעגנ ציאָניזמ אונ סײַ קעגנ טעריטאָריאַליזמ. ערשט די באלפור־דעקלאראציע דערנעענטערט אימ א ווײַל צומ פאלעסטיניזמ, ער באטייליקט זיכ דעמאלט אינ דעמ אמעריקאנישנ אלייִדישנ קאָנגרעס אינ פילאדעלפיע, וועלכנ די רעוואָליוציאָנערע ארבעטערשאפט האָט בויקאָטירט אונ ער פאָרט אלס מיטגליר פונ דער ייִדישער קאָנגרעס־דעלעגאציע צו דער פרידנ־קאָנפערענצ צווישנ די עליים אונ די צענטראל־מאכטנ אינ ווערסאל.

מער אויסגעהאלטנ איז ווינטשעווסקי געוועג אינ זײַנ שטעלונג צו דער סאָציאַלער רעוואָליוציע. אינ אנ ארטיקל, פארעפנטלעכט אָנהויב יאנואר 1916 דערקלערט ווינטשעווסקי, אז די הערשער פונ אייראָפּע האָבנ ארויסגערופנ די וועלט־מילכאָמע מאכמעס זייער שרעק פאר „דעמ געשפּענסט פונ קאָמוניזמ“. זיי האָבנ געהאָפט דורכ דער מילכאָמע אָפּצושטעלנ די קעסיידער וואקסנדיקע ארבעטער באוועגונג אינ יעדער מעדינע—„אופצוּוועקנ בא די ארבעטער דעמ אָפּגעשוואכטנ שאָוויניזמ: צו צעשטערנ די אינטערנאציאָנאלע סאָלידאריטעט. קורצ, צו דערטרינקענ אינ בלוט דעמ רויטנ געשפּענסט איידער די סאָציאַלע רעוואָליוציע קאָנ אויסברעכנ“. ווינטשעווסקי האָט אויכ ענערגיש פארטיידיקט די באָלשעוויסטישע רעוואָליוציע. ער האָט שטארק באקעמפט די מענשעוויכטישע מיינונג, אז רוסלאנד איז ניט פארטיק פארנ סאָציאַליזמ. יעדעס לאנד, האָט ווינטשעווסקי דערקלערט, איז יאָ אונ ניט צוגעגרייט, וועדליק ווי מע פארשטייט דאָס וואָרט סאָציאַליזמ. ער שטרײַכט אונטער, אז אומעטומ, סײַ אינ אמעריקע, סײַ אינ אייראָפּע, איז מעגלעכ שוינ אָנצוהויבנ אײַנפירנ דעמ סאָציאַליזמ. ער איז דעריבער פולשטענדיק זיכער, אז די באָלשעוויקעס וועלנ אסאכ אופטאָנ פאר רוסלאנד. ער דערמונטערט זיי פונ ווײַטנ אונ רופט אויס: „אלעווײַ וואָלטנ מיר געוועג מיט אײַכ, וואָלטנ מיר אײַכ געהאָלפנ“.

אינ דער צײַט פונ זײַנע וואקלענישנ זינט 1912 פארעפנטלעכט ווינטשעווסקי דעמ „נאציאָנאליסטישנ אני מאמינ“. ער שליסט אויכ שאָלעמ מיט דעמ „פאָרווערטס“, פונ וועלכנ

עס עקלט אים. ער שרײַבט דאָרט אופּ א סעריע פּובליציסטישע ארטיקלען אונטערן אלגע-מײנעם נאָמען „וואָס מיר פעלט“, וועלכע שפּיגלען אָפּ אלע זײַנע זיגזאגן און וואקלענישן פון יענע יאָרן. ווען ער קומט אָבער צום אנטשיידענעם קאמפּ צווישן רעכטס און לינקס אין דער סאָציאַליסטישער פּארטיי, שטעלט זיך דער אלטער ווינטשעווסקי (שוין נאָענט צו זיבעציק יאָר) אפ דער זײַט פון די לינקע. שרײַבט אין דער „פרײַהײַט“ קעגן דעם צווייטן אינטערנאציאָנאל און זײַנע פאלשע פירער, טרעט ארויס אוטשיידן פאר דעם אופבלי פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי און פאר דער דיקטאטור פונעם פּראָלעטאריאט קעגן דער „דיקטאטור פון ביזנעס־סאָציאַליסטן און יענע סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער, וואָס זײַנען בורזשואזע טאקטיקער“ („פרײַהײַט“, אפּרעל), „ווער ס׳איז קעגן סאָוועטנרוסלאנד, דער איז מײַן סוינע“. די סאָנים נעמען פון אים נעקאָמע דורך דעם, וואָס זיי דערקלערן אים נאָך זײַן טויט פאר א זײערײקן און פארכאפּן זײַן טויטן קערפּער.

ווינטשעווסקיס רעוואָליוציאָנערע שאפונגען אין פּאָעזיע און פּראָזע זײַנען אָבער א באווײַז, אז ניט בעקוקט אפּ אלע זײַנע זיגזאגן און וואקלענישן אין די 55 יאָר פון זײַן טעטיקײַט, איז ער אין יעדן אנטשיידענעם מאָמענט געשטאנען מיט דעם ארבעטער־קלאס און פאר אים געווירקט און געשאפן. ווינטשעווסקי האָט אויך איבערגעלאָזן א באדײַטנדיקע ליטערארישע ירושע פאר די ארבעטער־מאסן. זײַנע ווערק אנטהאלטן אסאך ווירקזאמע וואפן קעגן דער בורזשואזיע און איר קולטור, באזונדערס קעגן דער רעליגיע און דעם נאציאָנאליזם. א היפּש ביסל פון זײַנע קינסטלערישע שאפונגען קאָנען נאָך אויך הײַנט דינען אלס מוסטערן פאר פּראָלעטארישע שרײַבער, פאר דיכטער און פּראָזאיקער צוגלײַך. ווינטשעווסקיס אָרט אין דער רעוואָליוציאָנערער יידישער ליטעראטור איז אָנגעצייכנט דורך זײַנע צוויי הויפּט־עטאפּן: דורך זײַן יוגנט־ליד, וואָס האָט גערופן „די מאסן אין די גאסן“ צום קאמפּ קעגן קאפּיטאליזם, און דורך זײַן לעצט ליד, וואָס איז געווען א לויבגעזאנג און א דערמוטיקונג צו די, וואָס בויען דאָס נײַע לעבן — אן אלוועלטלעכן סאָוועטנפארבאנד.

---

ב. אָרשאנסקי

# י. ראבינ

(וועגנ י. ראבינס שעפערישנ וועג אינ צוזאמענהאנג מיט זײַנ נײַ־דערשינענעם בוכ „דער וועג איז אָפנ“).

1

י. ראבינס בוכ „דער וועג איז אָפנ“ ווײַזט דעם גרויסנ וווּקס פונ דעם אווטער, אונ די אנטוויקלונג פונ די אייגנשאפטנ, וואָס האָבנ שוינ כאראקטעריזירט די ערשטע גרעסערע זאכנ זײַנע.

ראבינס נײַ־דערשינענע בוכ ווײַזט, אז דער אווטער האָט אָנגעטאפט דעם ריכטיקנ וועג, איז אפ אים זיכער אוועק אונ שטעלט זיכ אינ די ערשטע רייענ פונ אונדזערע פראָזאיקער.

איכ רעכנ, אז איכ וועל זײַנ זייער נאָענט צום עמעס, אויב איכ וועל זאָגנ, אז ראבינענ אלס יונגנ פראָזאיקער, וואָס האָט שוינ פונ די ערשטע גרעסערע ווערק זײַנע ארויסגעוויזנ בעפיירעש אָריגינעלע שטריכנ פונ טאלאנט, אז צו אים האָט מענ זיכ אינ דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַרישער וועלט באצויגנ ווײַט ניט מיט דעם ערנסט, וואָס ער האָט שוינ אפילע דאנ בא די ערשטע ווערק זײַנע, פארדינט.

אונ ראבינ איז דאָכ אינ אונדזער יונגער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור ווירקלעכ אנ אייגנארטיקע קינסטלערישע פיגור. ראבינ האָט זיכ זײַנ באזונדערנ סטיל, ער האָט זיכ זײַנע מיטלענ באם אויספורעמענ א טיפאזש, באם מאָלנ א סוויזע, ער האָט זיכ זײַנע, קלוגע, אָפט פארשפיצט־ביטערע, קינסטלערישע אײַנפאלנ, ווענ ער דארפ אנטבלויזנ אינ זײַנעם א טיפ א ווײַט פארבאָרגענעם, טיפ באהאלטענעם געפיל, א באזונדער אָריגינעלנ שטריכ זײַנעם.

ראבינ איז דורכ אונ דורכ א פארטײיִשער שרײַבער. ער איז פארטײיִש לויט זײַנ טעמאטיק, ער איז פארטײיִש אינ דעם צוגאנג צו דער טעמאטיק. אונ דאָ טיילט זיכ ראבינ אויס פונ א רײ אנדערע שרײַבער מיט דער אָביעקטיווקײַט אונ אָרגאנישקײַט פונ זײַנ צוגאנג.

ראבינ איז איינער פונ די גליקלעכע, וואָס זײַנ פילאָזאָפישע וועלט־אנשויונג האָט זיכ אויסגעפורעמט פונ אָנהייב ביז סאָפ אינ אונדזער לענינ־סטאלינישער פארטיי.

ראבינ איז א פארטײיִשער קינסטלער. ער איז פארטײיִש ניט נאָר לויט דער טעמאטיק, ער איז פארטײיִש לויט זײַנ עצעם, לויט זײַנ פילאָזאָפישער אידייענ־וועלט, לויט דער פסיכאָ־אידעאָלאָגיע זײַנער.

דאָס הייסט אָבער אבסאָליוט ניט, אז ראבינ איז אינגאנצנ פריי פונ פּאָליטישע פעלערנ. מיר האלטנ, לעמאָשל, ביז היינטיקנ טאָג פאר א פּאָליטישנ פעלער די בארימטע הוליאנקע בא לייב יאָסלענ אינ „שוועסטערקי דער“. מיר האלטנ פאר א פעלער דאָס, וואָס אפ דער דאָזיקער הוליאנקע בא אזא פּאררעכטיקנ פארשוינ, ווי לייב יאָסל, קומענ די אויסגעהאלטנסטע באָלשעוויקעס אונ גראד אינ דער סאמע אָנגעשטרענגטער צייט, ווענ די גאסנ זיינענ אָנגעזאפּט מיט שלאכטנ. דאָס האָט ראבינ ניט אויסגעמיטנ אפילע אינ דער צווייטער אופלאגע, וועלכע ער האָט פיל פארבעסערט. ניט אינגאנצנ פּאָליטיש געלונגענ איז אפילע אינ דער צווייטער אופלאגע די גרופּע פּוילישע כאוויירים. דאָס האָט אָבער קיינ שום שייכעס ניט מיט אנ אָרגאניש־אידעאָלאָגישנ פעלער, וואָס טראָגט אינ זיכ די אידעאָליזאציע פונ אונדז פרעמדער אידייע. דאָס נעמט זיכ גיכער פונ א באשטימטער ניט רייפקייט, פונ א געוויסער אומבאהאָלפנקייט צו באהערשנ די קינסטלערישע אינטויציע. דאָס אלצ זיינענ קליינע פּאָליטישע פעלערנ, וועלכע מיר ווילנ פאר קיינ פאל ניט באהאלטנ, וועלכע זיינענ אָבער ניט אָרגאניש אונ מינערנ ניט דעמ פארטייטשנ ווערט פונ זיינ שאפנ.

2

שוינ אינ די ערשטע גרעסערע ארבעטנ ראבינס האָבנ זיכ אָנגעמערקט בוילעטע שטריכנ, וואָס האָבנ געוויזנ אפ א באשטימטער אָריגינעלקייט אינ זיינ קינסטלערישנ מעטאָד.

ראבינ איז פונ די ערשטע טריט זיינע אינ דער ליטעראטור א רעאליסטישער שרייבער. ער נעמט לעבעדיקע, „ערדישע“ טעמעס, ער ארבעט זיי פאנאנדער אונ שילדערט זיי דורכ לעבעדיקע אונ נאטירלעכע געשעענישנ, דורכ א לעבעדיקנ, בלוטפולנ אונ „ערדישנ“ טיפּאזש. אימ איז פונ שטענדיק אָנ פרעמד געווענ דער „הויכער סטיל“, אימ איז אויכ פרעמד יעדע אבסטראקציע.

ראבינ איז א רעאליסט. אָבער אינ די עלעמענטנ פונ זיינ רעאליזמ זיינענ דאָ אייגנארטיקע שטריכנ, וואָס טיילנ אימ אויס, וואָס מאכנ דעמ רעאליזמ אינ זיינ „אויסערלעכנ“ אויסדריק, אינ זיינ אויספורעמונג, פיל נעענטער אונ אָנעמבארער פאר אונדז. ראבינ האָט אינ זיינ רעאליזמ אָפּגעוואָרפנ די שווערוואַניקע אונ שווער-לייביקע באשרייבונג; ראבינ טראָגט ארייַנ אינ זיינ רעאליזמ אייניקע עלעמענטנ פונ אימפּרעסיאָניזמ, ווי ער האָט זיכ אויסגעפורעמט אינ דער ליטעראטור. אָפּוּוארפנדיק דעמ אימפּרעסיאָניזמ אלס מעטאָד, האָט ראבינ אָבער גענומענ די שארפקייט אונ אויסדרוקפולקייט פונ מאָלערישנ שטריכ.

אינ ראבינס רעאליזמ איז דאָ עקספּרעסיע אונ געשפּאנטקייט. ראבינס רעאליזמ איז דורכ-אונ־דורכ א דינאמישער.

אָט די אויסגעשפּראָכענע אונ אָרגאנישע דינאמישקייט אינ ראבינס רעאליזמ, דאָס איז זיינער אנ אייגנארטיקער שטריכ, דאָס איז די אָריגינעלקייט, וואָס טיילט אויס ראבינענ.

ווי יעדער שרייבער, וואָס אינ מאָכ פונ זיינ קינסטלערישנ מעטאָד ליגט דער רעא־

ליזמ, אינטערעסירט ראבינענ די טיפ־פסיכאָלאָגישע איבערלעבונגענ אינ דעמ טיפאוש, וועלכנ ער מאָלט. פסיכאָלאָגישע שטריכנ, גאנצ אָפט זייער פײַנע—דאָס איז די פארב מיט וועלכע ער מאָלט אויס די פאָרטרעטנ־גאלעריי פונ דעמ אָדער יענעמ ווערק זײַנעמ. ראבינ מאָלט אויכ אויסערלעכע שטריכנ פונ טיפאוש, אָבער שטענדיק ברענגט ער זיי צוליב דערגאנצנ אונ באשאָטענענ זײַנ פסיכאָלאָגישנ אינהאלט. אָבער מאָלנדיק די פסיכאָלאָגיע פונ זײַנע העלדנ, וואַרפט ער אינ דערזעלבער צײַט אָפ דעמ היפערטראפירטנ פסיכאָלאָגיזמ, דאָס גריבלענ זיכ אינ דער פסיכאָלאָגיע. די באהאלטנסטע פסיכאָלאָגישע ווינקלענ פונ דעמ טיפאוש שילדערט ראבינ דורכ לײַכטע, גראפישע שטריכנ. דאָס איז אויכ אינ א געוויסער מאָס ראבינס אנ אייגנארטיקער שטריכ אינ זײַנ קינסטלערישנ מעטאָד.

איינ עלעמענט איז דאָ אינ ראבינס רעאליזמ, וואָס איז בא אימ דאָמינירנדיק, וואָס באפארבט אימ מיט אנ אויסגעשפראָכענער אייגנארטיקײַט.

דאָס איז ראבינס הומאָר.

דער הומאָר איז בא ראבינענ דער גרונט־טאָנ פונ געמאָלטנ בילד, די גרונט־פארב זײַנע. ראבינס הומאָר איז א לײַכטער. ער איז פונ זײַנ זײַט דורכגעזאפט מיט א באזונדער ווארעמקײַט, ווענ ער מאָלט פאר אונדז די פיגורנ, וואָס זײַנענ אימ סימפאטיש, אָפט אפילע מיט א באשטימטנ לירישנ דראמאטיזמ. דאָס איז דער הומאָר, וואָס שטאמט פונ טיפער מענטשלעכקײַט, פונ געלײַטערטע געפילנ.

ווי נאָר ראבינ גייט אריבער צו שילדערנ דעמ טיפאוש, וואָס ער איז אימ ניט סימפאטיש, וואָס ער איז אימ פײַנטלעכ, ווערט ראבינס הומאָר פול מיט געפיל פונ ביטל— דאָס איז ניט סארקאזמ. סארקאזמ איז בא ראבינענ אמווייניקסטנ דאָ, ער איז צו שווער צו האמעטנ פאר דער לײַכטקײַט פונ זײַנ סטיל. דאָס איז ביטל אינ פאָשעטנ זינ פונ וואָרט, ער איז אימ מעוואטל דעמ העלד, וועלכנ ער האָט פײַנט, ער מאכט אימ צונישט מיט אייניקע פעטע, פארביקע שטריכנ.

אונ דאָס לעצטע, וואָס מיר דארפנ אונטערשטרײַכנ אינ ראבינס קינסטלערישנ מעטאָד איז דער אופנ פונ מאָלנ. ראבינ האָט פײַנט לאנגע באשרײַבונגענ פונ זײַנעמ א העלד. ער גיט עטלעכע ארײַנפיר־זאצנ, ווו ער לייגט די גרונט־פארב פונ קינסטלערישנ פאָרטרעט אונ באלד גיט ער די ערשטע פינזל־שטריכנ, וואָס גיבנ די פסיכאָלאָגישע קאָנטורנ פונ דער קומענדיקער פיגור. ער מאָלט ניט אופ פונ אָנהייב אָנ די גאנצע פיגור אונ אינ פארלויפ פונ דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ סיוזשעט פירט ער די דאָזיקע שוינ אויסגעפורעמטע פיגור בלויז צוליב די אָדער יענע געשעענישנ. ניינ, ער מאָלט די פיגור דורכ די צוזאמענשטויסנ אונ קאָנפליקטנ בא דער אנטוויקלונג פונ סיוזשעט. ביסלעכווײַז, בא יעדער נײַ־געבראכטער סיטואציע, ווערנ געגעבנ נײַע פסיכאָלאָגישע שטריכנ אונ די גאנצע אויסבילדונג פונ די הויפט־געשטאלטנ ענדיקנ זיכ אָפ די לעצטע זײַטנ פונ זײַנ ווערק. דערדאָזיקער אופנ פונ מאָלנ גיט צו א באשטימטע געשפאנטקײַט זײַנע העלדנ. דערדאָזיקער אופנ פונ מאָלנ איז אויכ אינ א געוויסער מאָס א שטיקל ראבינס אייגנארטיקײַט.

דידאָזיקע אלע עלעמענטנ פונ ראבינס קינסטלערישנ סטיל זײַנענ שוינ געווענ אינ די ערשטע גרעסערע זאכנ זײַנע. לייענט איר אונ טראכט זיכ ארײַנ אינ „שוועסטערקינדער", אינ „געורייטע שליאכנ", אינ א ריי זײַנע בעסערע דערציילונגענ, אפילע אינ דאָס

שוואכסטע פונ זײַנע ווערק — אינ „בוזי דובינ“ — אזוי פילט איר אונ קענט בעפײַרעש אָנטאפּנ די אויבנאויסגערעכנטע עלעמענטנ, פונ וועלכע עס באשטײט זײַנ קינסטלערישער מעטאָד. אָבער דאָכ האָבנ זײ זיכ דאָרט ערשט אָנגעמערקט. זײ האָבנ זיכ אנטפּלעקט אמאָל שטארקער („שוועסטערקינדער“), אמאָל שוואכער („בוזי דובינ“), אָבער שטענדיק האָט זיכ געפילט, אז דער אווטער איז נאָכ ניט זיכער אינ זײַנ מעטאָד, אז עס ציטערט נאָכ אמאָל די האנט, אונ דאָס פּענזל מאכט אמאָל א פאלשנ שטריכ, אז דאָס אויג האָט נאָכ ניט גענומענ ווײַט אינ דער טיפ. דידאָזיקע אלע עלעמענטנ זײַנענ געווענ נאָכ ניט געלײַטערטע, ערטערווײַז אפילע האמעטנע.

אונ טאקע דעריבער זײַנענ די פיגורנ אינ זײַנע פריִערדיקע ווערק געווענ ניט אלע אונ ניט אינגאנצנ אויסגעטראָגענע, אײניקע אביסל צו אנטבלויזטע, צו נאקעטע. צוזאמענ מיט גוט־אויסגעפורעמטע פיגורנ, ווי איליא, מאלקע, ליע אינ „שוועסטערקינדער“, ווי יענטל אונ דאווידקע אינ „געדרײטע שליאכנ“ א. א. וו. צוזאמענ מיט זײ באגעגענענ מיר פיגורנ, וואָס שטעלנ מיט זיכ פאָר קינסטלערישע „זיבעטלעכ,“ ניט דערטראָגענע. בא אזעלכע ניט דערטראָגענע פיגורנ באקומענ מיר אָפטמאָל איבערגעטריבנקײַט, סכעמאטישקײַט.

עלינקע זאלצמאנ פונ „שוועסטערקינדער“ איז גיכער א לובאָק אײדער א קונסט־ווערק, פארבינדנ די פינגער מיט שטריקלעכ, קעדײ צו וויסנ צי ווערט מענ גרעבער, דאָס זײַנענ מער געקינסטלטע אײדער קינסטלערישע שטריכנ. אזעלכע שטריכנ, אפ וויפל זײ זײַנענ געקינסטלטע, פארלירנ זײ אפילע די שארפקײַט פונ וויצ. אפילע שיע איז ניט אינגאנצנ קײנ אויסגעטראָגענע פיגור. די פאפאכע זײַנע איז א צו גרויסע אונ זי פארשטעלט די ריכטיקע פּסיכאָלאָגישע שטריכנ פונ זײַנ געזיכט. שיע איז צו האמעטנע געשילדערט געוואָרנ.

דער שוואכסטער אָרט אָבער אינ ראבינס פריִערדיקע ווערק איז געווענ — די ארכיטעקטאָניק, דער סיוזשעטישער געבוי זײערער. דאָ איז ער געווענ אינ א געווויסער מאָס אומבאהאָלפנ. עלאכטיש אויסבויענ א סיוזשעט, בויענ אים אזוי, אז עס זאָל ניט זײַנ קײנ אײנ איבעריק בילד, קײנ אײנ איבעריקע פיגור, וואָס זאָל ניט זײַנ ארײַנגעפלאָכטנ אינ דער סיוזשעטישער קאנווע, בויענ א בילד אזוי, אז עס זאָל זיכ ניט פילנ קײנ מעכאנישע שווערקײַט — דאָס האָט זיכ, פונ די פריִערדיקע ווערק ראבינס, אימ ניט אײַנגעגעבנ אפילע אינ דער סיוזשעטיש גאנצענער דערציילונג „שוועסטערקינדער“. נאָר גאָר שוואכ איז ער סיוזשעטיש אינ „געדרײטע שליאכנ“ אונ „בוזי דובינ“. דאָ איז קײנ שומ ארכיטעקטאָניק ניטאָ. דאָ זײַנענ אָנגעוואָרפענע ציגל אונ ניט מער. די צווײטע טײל פונ „געדרײטע שליאכנ“ איז, אײגנטלעכ, א באזונדער זאכ, אפילע מיט א באזונדער טיפּאזש אונ בלויז מעכאניש ווערנ זײ פארײניקט אונטער אײנ דאכ. דיזעלבע מעכאנישקײַט איז אויכ דאָ אינ דעמ געבוי פונ „בוזי דובינ“. די גאנצע מײַסע מיט דער ניט אײַנגעגעבענער ליבע איז צוגעשלעפּט פאר די אויערנ. די גאנצע לאנגע געשיכטע מיטנ אָפיצער, וואָס קויפט זײַנ אײגענע ווײַב, איז, לאכלוזנ, דאָ ניט נויטיק, זי גיט גאָרנישט צו צו בוזיס כאראקטעריסטיק, זי איז אבסאָליוט איבעריק אינ הינזיכט פונ סיוזשעט־אנטוויקלונג.

דאָ איז געווענ ראבינס דער שוואכסטער אָרט.

דאָס נײַע ווערק זײַנע — „דער וועג איז אָפנ“ — ווײַזט אפ א גרויסנ וווקס פונ דעמ

אווטער. ראבינ איז דאָ פיל רײַפער געוואָרנ. ער האָט די ערשטע זאכ באקעמפט די צע־שוומענקײַט אינ הינזיכט פונ סיוזשעט. דער סיוזשעט אנטוויקלט זיכ בא אימ מער אָר־גאניש. איר האָט בא אימ קימאט ניט קיינ בילדער אונ סצענעס, וואָס זאָלנ ניט האָבנ קיינ שײַכעס צו דער אויסבילדונג פונ כאראקטער פונ דער אָרעמ יענער וויכטיקער פער־זאָנ, וואָס זאָל ניט זײַנ פארבונדנ מיט דער סיוזשעטישער אנטוויקלונג. אפילע די קאצאָ־ווישע כאסענע, וואָס עס קענ זיכ דוכטנ פונ ערשטנ בליק, אז זי האָט קיינ שײַכעס ניט צו דער סיוזשעטישער קאנווע, איז אויכ דעמ אווטער נויטיק געווענ אונ דורכ אימ גע־בראכט געוואָרנ, קעדיי אפ דעמ פאָנ באווײַזנ די קויכעס, וואָס די בורזשואזיע האָט אויסגע־נוצט אינ קאמפ קעגנ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פונ פראָלעטאריאט. אפ די געשע־ענישנ, וואָס אנטוויקלענ זיכ ארומ דער קאצאָווישער כאסענע, האָט ראבינ אונדז געוויזנ דעמ פסיכאָלאָגישנ איבערברוכ, אָדער ריכטיקער געזאָגט, די רײַפ געוואָרנקײַט פונ דעמ הויפט-העלד פונ זײַנ ראָמאנ, פונ דעמ יונגינקנ פײַוולען. בא פײַוולענ איז דאָס געווענ דער ערשטער דורכפאל, וואָס עס האָט געליטנ די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אונ ער אינ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. דאָס איז איינע פונ די דורכפאלנ וואָס צווינגט צו פארטראכטנ זיכ, וואָס ווירקנ שטארק אפ דער פסיכאָלאָגיע, איז איינע פונ די דורכפאלנ, וואָס גרייטנ צו דעמ ניצאָכנ.

פײַוול ליגט א פארבאנראזשירטער נאָכ די בארימטע געשלעגנ:

„עס האָט אימ ניט אָפגעלאָזנ דער פארדראָס, וואָס פארענדיקט האָט זיכ אלצ פונקט פארקערט, ווי ער האָט זיכ פאָרגעשטעלט. ער האָט זיכ גאָר אנדערש פאָר־געשטעלט. אינ איינעמ א טאָג וועט יורזיקע, טראָיצע אונ סלאָבאָדקע פארשטרײַקנ. אלצ וועט בלײַבנ שטיינ אומבאוועגלעכ. ארבעטער וועלנ מיט רויטע פאָנענ דעמאָנ־סטרירנ איבער די גאסנ. א שרעק וועט אלעמענ ארומכאפנ. באלעבאטימ וועלנ מוי־רע האָבנ זיכ אינ גאס באווײַזנ. יאָנ וועט ערגעצ פונ א הויכנ באלקאָנ האלטנ א רעדע. טויזנטער מענטשנ וועלנ אימ הערנ.

„— רעוואָליוציע!"

דאָס איז די אידיליע, וואָס דער יוגנטלעכער פײַוול האָט זיכ אויסגעמאָלט אינ זײַנ פאנטאזיע. נאָר אָט זײַנענ געקומענ דער יורזיקער קייסער, די קאצאָווימ, די אונטערדעק איז געקומענ אונ איז אָנגעפאלנ אפ די ארבעטער אונ האָט זיי צעשלאָגנ, צעהארגעט אונ האָט אראָפגעריסנ דעמ שטרײַק. פײַוולענ פרעסט א שווערער פארדראָס:

„נאָר ניט נאָר פארדראָס אליינ פילט איצט פײַוול. פײַוול פילט, אז ער איז גאָר אנ אנדערער. ער איז איבערגעבוירנ"... „ער וועט שוינ מער ניט פרעגנ, פארוואָס די קאצאָווימ העלפנ שענקערנ (דער גוויר פונ שטאָט א. א. וו.), פארוואָס דער יורזיקער קייסער שלאָגט ארבעטער, פארוואָס פאָליציי ארעסטירט."

„דאָס האָט געעפנט פרעגנ יענער פײַוול, וואָס איז פארבליבנ ערגעצ אינ דער ווײַט, וועמענ ער, דער איצטיקער פײַוול, האָט ערגעצ איבערגעלאָזט" [1].

די קאצאָווישע כאסענע, וואָס זעט אויס, ווי א זײַטיקער עפיזאָד, ווערט אײַנגעגלי־דערט אינ סיוזשעט, ווי זײַנער אנ אומבאדינגטער באשטאנד־טייל.

אינ הינזיכט פונ סיוזשעט־בויונג האָט ראבינ זייער אסאכ דערגרייכט, ניט געקוקט דערויפ, וואָס דעמ סיוזשעט פעלט נאָכ א באשטימטע געשפאנטקײַט.

[1] „דער וועג איז אָפנ" ז.ז. 197—198

אינ הינזיכט פונ דער טעמע האָט ראבינ אפ זיכ גענומענ א גוואלדיק שווערע אופגאבע. ער האָט זיכ געשטעלט פאר א ציל צו געבנ א פאנאנדערגעוויקלט בילד פונ רעוואָליוציאָנערנ אופברויז אינ געוועזענעמ טכום, אומגעפער, אינ די ערשטע יאָרנ פונ איצטיקנ יאָרהונדערט. אונ די אופגאבע האָט ער זייער גוט אונ איבערצײַגנדיק אויסגעפילט, ניט געקוקט אפ דער שווערקײַט אונ ניט געקוקט אפ אייניקע פעלערנ, וואָס דאָס בוכ האָט גראָד אינ אויספילנ די טעמע.

אינ דעמ בוכ, וואָס מיר האָבנ פאר זיכ (דאָס איז די ערשטע טייל פונ א גרעסערנ ראָמאנ), מאָלט ראבינ פאר אונדז א גרעסערע יידישע שטאָט מיט אלע אירע ווינקעלעכ, מיט אירע פארשיידענע קלאסנ אונ שיכטנ. ער גיט זייער א רײַכנ טיפּאזש מיט זײַנע פארשיידענע פּסיכאָלאָגישע ניואנסנ. ער פירט די הויפּט־פיגורנ זײַנע אינ דער באוועגונג אונ אנטפּלעקט פאר אונדז זייער פּסיכאָלאָגישנ איבערגעבורט אונטער דער ווירקונג פונ די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ. ער דערווײַזט אונדז, וויאזוי די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ ווירקנ אפ דעמ קרײַז מענטשנ, וואָס האָבנ קיינ דירעקטע שײַכעס ניט צו דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, וואָס אָבער לויט זייער קלאסנ־אָנגעהעריקײַט מוזנ זיי אונטערפאלנ אונטער דער ווירקונג פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. איטשע, אָט דער דערוואָרגענער מענטש, דער סקעפּטיקער, וואָס דאָס לעבנ האָט אימ פריטשמעלעט שוינ אינ דער יוגנט, וואָס גלויבט אינ קיינ זאכ ניט—אפילע איטשע הויבט אָנ צו טראכטנ, אז עפּשער זײַנענ „זיי" גערעכט!...

— „כ'זאָל דיר זאָגנ דעמ עמעס... אז איכ באטראכט זיכ אונ דיכ אונ אונדז אלעמענ, טראכט איכ... טראכט איכ דעמלט... עפּשער זײַנענ זיי גערעכט".[1]

אָדער נעמט, לעמאָשל, אזא פיגור, ווי מייער. מייער, אנ אלטער ארבעטער, א פּאנאַטיקער, א ביסל א פארשמאָלצענער ארבעטער, מיט דער גאנצער בייסמעדרעשדיקער פּסיכאָ־אידעאָלאָגיע, א ייד אינגאנצנ פונ אלטנ שניט ווערט ער אינ גאנג פונ די געשעענישנ ביסלעכווײַז איבערגעפורעמט אונ ווערט פארוואנדלט אינ א גרויסער פּראָטעסטירנדיקער פיגור. מייער האָט זיכ ראבינענ אויסגעצייכנט אײַנגעגעבנ. מייער איז א טיפע אונ זייער א קאָמפּליצירטע, פּסיכאָלאָגישע פיגור. מײַסטערהאפט ווערט געשילדערט בא ראבינענ דער אינערלעכער קאמפּ, וואָס עס קומט פאָר אינ מייערנ נאָכ דעמ, ווי בא איינע פונ די רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ ווערט דערהארגעט זײַנ זונ, מייערנ גלויבט זיכ ניט, אז זײַנ זונ איז דערהארגעט, אז ער וועט ניט מער ארײַנקומענ אינ שטוב. אימ דוכט זיכ אלצ, אז אָט וועט ארײַנגיינ דער זונ אונ וועט אימ א זאָג טאָנ: „קאָנ דיר עס אײַנפאלנ טאטע, זיצנ נאָכ מיר שיווע?" נאָר די טיר עפנט זיכ ניט אונ דער זונ קומט ניט אונ דאנ קומט דער שטרײַט מיט זיכ אליינ:

„—זאָל א זונ ניט גיינ אינ אזוינע וועגנ... אז מענ טשעפּעט יענעמ ניט טשעפּעט יענער דיכ ניט.

„—וואָס האָט ער אזוינס בעטאָנ? פארוואָס קומט דאָס אימ? יונגע ווילנ בעסער אונ שענער לעבנ, אונ פאר א שענערנ לעבנ קאָנ מענ דענ עמעצנ שטראָפנ?

„—וויפל מאָל האָב איכ אימ געזאָגט: קריכ ניט, זיצ אינ דער היימ, האָב כאַסענע, ווער א לײַט... זיכ דערדינט, דערשפּילט.

„—וואָס איז דײַנ טײַנע, אלטער נאר? מענטשנ האָבנ דײַנ זונ ניט געהאָדעוועט, ניט געקליידט, ניט געשוכט, ניט געשפּײַזט, ניט געפרייט זיכ מיט אימ... נאָר גע־

[1]) ראָרט ז. 66.

קומענ אונ צוגענומענ א זונ, געטויט אימ, דעמ מאטנ, האָט מענ גערדארפט זאָגנ, אויב דער זונ פירט זיכ אופ ניט גוט, ניט לײַטיש, ער, דער טאטע, וואָלט אימ שטראָפנ. אָבער זיי?...

„—אונ פונ דעמ שטרײַט מיט זיכ אליינ שווימט ארויס א סינע צו דידאָזיקע „מענטשנ“, א פארדראָס אפ אלצ אונ אלעמענ אונ א טײַנע, א שווערע טײַנע צומ זונ, וואָס האָט בא אימ, באמ טאטנ א זונ אָפגענומענ, א בכאָר, א כאָסנ־באָכער, א געזונטנ אינ פריילעכנ—א זונ... אָט ווי עס קעמפט אינ מייערנ דאָס אלטע אונ דאָס נײַע“!

דאָס בילד איז טיפ פסיכאָלאָגיש, הארציק אונ רירנדיק: בא מייערנ הויבט זיכ אָנ־אנטוויקלענ דער געפיל פונ פראָטעסט. דער ערשטער אויסדרוק פונ פראָטעסט איז בא ראבינענ געגעבנ געוואָרנ גלענצנדיק. מייער איז דעמ ערשטנ פרײַטיק צו נאכט נאָכ דער שיווע געקומענ אינ מיניענ אינ זײַנע וואָכעדיקע קליידער[1]. עס האָט שוינ געפעלט אינ אימ די הייליקײַט פונ פיעטעט צומ פרײַטיק־צונאכט, צו דעמ מיניענ. אונ אז „מייער שטייט אָפגעזונדערט אינ ווינקל אונ באוועגט מיט די ליפנ“ וויס מענ שוינ ניט, „צי בעט ער גאָט, צי ער האָט א שטרײַט מיטנ זונ“. אונ ווי נאטירלעכ אונ קינסטלעריש־ריכטיק עס איז—נאָכ מייערס טיפע פאָטערלעכע אונ מענטשלעכע איבערלעבונגענ אז ער, מייער, ווענ דער ציניקער—דער גאבע הויבט אימ אָנ צו זאָגנ מוסער, אז „קינדער דארפ מענ היטנ, זיי וועלנ אונדז צו פײַער אונ וואסער דערפירנ“ אונ פירט אימ צו צומ ראָווס אופ־רופ—אז „מייערס אויגנ האָבנ געלויכטנ מיט צאָרנ“, אז ער האָט האסטיק א שלעפ געטאָנ דעמ אופרופ פונ וואנט אונ האָט אנ אופגערעגטער געזאָגט: „אפ מײַנ קינד האָט דער ראָוו קיינ דייע ניט!“ [2])

אָט אזוי רײַסט זיכ ארײַנ די רעוואָליוציע אינ דער סאמע פארדאמפטער אטמאָספער אונ לופטערט די מויכעס אונ באפרײַט די נעשאָמעס פונ גײַסטיקער פארקנעכטעטקײַט.

ראבינ האָט אונדז מיט עכטער מײַסטערשאפט געשילדערט די סוויווע, דעמ שטייגער פונ די מאסנ, דעמ גאצנ ארומ, אינ וועלכער עס בילדעט זיכ אויס די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אפ דער ארימט-געוואָרענער „יידישער גאס“. ראבינ מאָלט מיט א זיכערער האנט דעמ יידישנ דאלעס, די פארקנעכטעטקײַט פונ דעמ אמאָליקנ אויבעטער-לעבנ, דעמ ערעוו שטרײַק אינ די נידעריקע גאסנ, די לעווײַע, דעמ בייסאלמענ, דעמ פישמארק, בא פעסע דערבארעמדיקער אינ שטוב אונ צענדליקער אנדערע בילדער. די בילדער זײַנענ פול מיט לעבעדיקע פארבנ, פול מיט כאראקטער, מיט גלענצנדיקע פסיכאָלאָגישע שטריכנ. אינ א ריי בילדער דערגרייכט ער א טיפע לירישקײַט, א ריינ מענטשלעכע ווארעמקײַט. אָט זיצט ציוויע (נאָכ איר טאָכטערס ארעסט) אונ קלעפט אירע פאפיראָסנ־קעסטלעכ. מעכאניש, מיט דער „פראָפעסיאָנעלער“ געוווינהײַט קלעפט זי פלינק די אויסגעשניטענע בייגעלעכ פאפיר.

„נאָר דאָס טוענ אירע הענט, אירע פינגער“, איר מויעכ איז הארצ איז גאָר־ניט דערבײַ. „איר פאָנעמ קנייטשט זיכ מיט געדאנקענ, אירע ליפנ באוועגנ זיכ שטיל אונ אומרויק, אונ די אויגנ זײַנענ פול מיט טײַנעס, מיט רוגזע, מיט גע-בעס“.

---

[1]) דאָרט ז, ז. 102—103.

[2]) דאָרט ז. 103.

„זי רעדט עפּעס צו עמעצנ, שאָקלט צו עמעצנ מיטנ קאָפּ, זי איז פאַרטאָנ, אונ פאַרטראָגנ. זי שמויסט זיכ עס דורכ מיט פרומעלענ אונ האָט צו איר אַסאַכ מוטערשע טײַנעס, האָט פאַר איר אַסאַכ מוטערשע טרייסט. אינ אירע געדאַנקענ איז ציוויע שוינ פאַרלאָפּנ אינעם יענעמ טאָג, ווענ פרומעלע קומט צוריק זונ זאָגט איר:

„—ווייסט, מאַמע, נאָכ אַלעמענ... געווג זיכ נאַרעש געמאַכט... געלאָפּנ, געשריִענ, געטומלט... גענוג. צײַט א טאַכלעס. כאַסענע האָבנ, קינדערלעכ האָבנ, א מאַמע ווערנ אונ דו א באָבע".

„די שיידלעכ פליִענ פלינק פונ אירע הענט. נאָר ציוויע אַליינ איז עפּעס דערבײַ ניטאָ. זי איז ערגעצ פאַרלאָפּנ פאָרויס אינ צײַט. זי וויל אַנ איינקל. אונטער א לײַלעכ ליגט פרומעלע א בלייכע אָבער א גליקלעכע".

„עס קענ נאָכ אַלצ גוט זײַנ, א פיצעלע גליק אינ איר לעבנ, א ליכטיקע שײַנ אַפ דער עלטער". [1]

די אייגנשאַפט ראַבינס צו מאָלערישקײַט דערגרייכט אינ דעמ דאָזיקנ בוכ ביז גאָר א הויכנ גראַד. מיר האָבנ דאָ זעלטענע סקולפּטור־בילדער, לעמאָשל, נעמענ דאָס בילד, ווענ פּײַוול שפּאַצירט אינ גאָרטנ, טרעפט שענקערנ, קויפט פאַר אימ די פּאַפּיראָסנ אונ ברענגט זיי שפּעטער דעמ ציידנ גראָד אינ דעמ מאָמענט, ווענ יענער שטאַרבט. דאָס איז א זעלטנ בילד, וואָס טרייסלט אופ, א בילד פול מיט לירישקײַט אונ דראַמאַטיזמ. אָדער דאָס האַרציק בילד, ווענ ציוויע גיט אוועק פאַריכטנ די שיכ פונ דער רוסישער מיידל... דאָס זײַנענ בילדער, וואָס קריצנ זיכ אײַנ אינ זיקאָרנ, דאָס זײַנענ בילדער דורכ דעמ אויטער אויסגעטראָגענע אונ געלײַטערטע. אַפילע אַזעלכע בילדער, ווי דער שפּעט־האַרבסטיקער שאַבעס־פאַרנאַכט (ז. ז. 103־104), אָדער דאָס בילד בא פּעסיע דערבאַרעמדיקער (ז. ז. 138-140), דאָס בילד באַמ שויכעט (ז. ז. 142־143) א.א.וו.—דאָס זײַנענ בילדער גלענצנדיק אויסגעפורעמטע, מאַמעש סקולפּטורישע.

ביז גאָר גרויסע רעזולטאַטנ דערגרייכט ראַבינ אינ דער שילדערונג פונ טיפּאַזש. אינ דעמ דאָזיקנ בוכ איז דער טיפּאַזש פיל טיפער געשילדערט געוואָרנ, ווי אינ זײַנע פריִערדיקע ווערק. דאָ האָבנ מיר קימאַט אַלע פיגורנ—אויסער אייניקע, וועגנ וועלכע מיר וועלנ שפּעטער ריידנ, באַזונדער פולשטענדיק אויסגעפורעמטע, פאַרגאַנצטע. זיי אַנטוויקלענ זיכ אונ נעמענ אָנ מיט יעדנ נײַעמ פיר מיטנ פּענזל אַלצ בולעטערע שטריכנ ביז זיי פורעמענ זיכ אויס אונ ווערנ סקולפּטורישע פיגורנ.

קאַסריעל איז דער פאַרהאַרטעוועטער אַמכאָ. דאָס איז א לעבעדיקע, געזונטע, ערדישע פיגור, וואָס דאָס לעבנ איז ניט איינמאָל אַריבערגעפאָרנ איבער איר נאַקעטנ קערפּער מיט שנײַדנדיקע מעסערס. קאַסריעל איז דער קלוגער פאָלק-מענטש, וואָס זאָגט מיט א דורכגעליטענעמ סקעפּטיציזמ, אַז עס איז „נאָכ ניט דערוויזנ געוואָרנ, אַז מע דאַרפ דאָרט (אינ גאַניידנ ב. א.) ניט האָבנ קיינ עלנבויגנס אַפ כאַפּנ אַנ אַמייצע". קאַסריעל איז רײַכ מיט לעבנ־דערפאַרונג, אָבער דעמ דאָזיקנ מענטשנ פעלט דער קלאָרער באַוווסטזײַנ. אינ אימ איז דאָ אָנגעזאַמלט פאַרביטערטקײַט, אָבער ער ווייס ניט וווהינ זי צו ווענדנ. קאַסריעל איז ניט צופרידנ מיט זײַנ זונ: ער איז א ניכנע. אונ ער לערנט פּײַוולענ, זײַנ איינִיקל, צו גיינ גאָר אינ אַנדערע וועגנ.

אונ פּײַוול, דער הויפּט-העלד פונ ראָמאַנ, איזווירקלעכ אינ דעמ אַנדערנ וועג. פּײַוול איז, אייגנטלעכ, דער זעלבער קאַסריעל, נאָר ער פעלט שוינ אַרײַנ אינ דעמ קאָ־

[1] דאָרט ז. ז. 97—98.

כיסנ שטראָמ פונ שטורעמ אונ דראנג. די געזונטע כאראקטער־שטריכנ, וועלכער ער האָט באקומענ בעירושע פונ זײַנ זיידנ, פאלט אפ א זאפטיקנ רעוואָליוציאָנערנ באָדנ אונ פונ אימ פיקט זיכ אויס שוינ אינ דער ערשטער טייל פונ ראָמאנ אנ אינטערעסאנטע פיגור אינ דער רעוואָליוציע. ראבינענ האָט זיכ אײַנגעגעבנ אופצודעקנ פאר אונדז אונ פסיכאָלאָגיש דערווײַזנ דעמ נאטירלעכנ וועג צו דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, וואָס פײַוול מאכט דורכ. איר פילט ניט קיינ געצוווּנגענקײַט אינ דער פיגור־אויסבילדונג, קיינ סכעמאטיזמ, קיינ פאלשנ טאָנ. איר זעט, ווּהינ דער אווטער פירט אימ אונ איר צווייפלט ניט, אז ער וועט אימ אהינ דערפירנ. ראבינ ווײַזט אונדז די אלזײַטיקע אנטוויקלונג פונ פײַוולס כאראקטער. ניט א רעוואָליוציאָנערע סכעמע איז אונדז דאָ אָנגעוואָרפנ געוואָרנ, נאָר א לעבעדיקע פיגור, בא וועלכע עס אנטוויקלענ זיכ פארשיידענע לײַדנשאפטנ. פײַוול איז ניט דער רעוואָליוציאָנערער פרומאק, דער רעוואָליוציאָנערער קרומער רוקנ, פײַוול איז צו בלוטפוליק דערצו. ער איז דער צוקונפטיקער רעוואָליוציאָנער מיט די אלע מידעס, וואָס זײַנענ אייגנ יעדנ געזונטנ מענטשנ. אינ דעמ דאָזיקנ טייל פונ ראָמאנ האָט זיכ פאר פײַוולענ ערשט געעפנט דער וועג. אינ דעמ קומענדיקנ טייל דארפ ראבינ אימ שוינ פירנ אפנ רעוואָליוציאָנערנ וועג. מיר זײַנענ זיכער, אז פײַוול וועט פונ דעמ וועג ניט אראָפ

סאָלאָמאָנ שענקער איז א פיל אויסגעטראָגענערע פיגור, ווי דער אמאָליקער עלינקע זאלצמאנ (פונ „שוועסטערקינדער“). שענקער איז אנ עכט קינסטלערישע פיגור, דאָס איז א קינסטלערישער פאָרטרעט, וואָס ווערט געמאָלט פאר אײַערע אויגנ, וואָס וואקסט אויס אונ פורעמט זיכ קינסטלעריש מיט יעדער ווײַטערדיקער באגעגעניש אינעמ בוכ. אינ סאָלאָמאָנ שענקער זעט איר דעמ לעבעדיקנ יידישנ בורזשוי, אינ וועלכנ עס אנטוויקלענ זיכ שוינ סימאָנימ פונ דעגענעראציע, דאָס איז דער קומענדיקער סאמאדור.

אפילע די עפיזאָדישע פיגורנ זײַנענ בא ראבינענ געשילדערט געוואָרנ פולבלוטיק. דער אפטייקער נאָסנ קאדישעוויטש, יידל זוסקינ, כיענע קריקונ, ניסל דער קליינער, דער יורזיקער קייסער אונ צענדליקער אנדערע פיגורנ זײַנענ גלענצנדיקע קינסטלערישע פאָרטרעטנ, שארפ אונ כאראקטעריסטיש געמאָלט.

דער ראָמאנ האָט אָבער אויכ שוואכע זײַטנ. איכ וועל זיכ ניט אָפשטעלנ אפ קליינינקײַטנ, ניט זיי דארפנ אונדז אינטערעסירנ. איכ וועל זיכ אָפשטעלנ אפנ גרונט־כיסאָרנ. דער גרונט־כיסאָרנ באשטייט, נאָכ מײַנ מיינונג דערינ, וואָס דער אווטער האָט די גרעסטע אכט זײַנע געלייגט אפ דעמ ארומ. אפ דער סוויווע פונ דער ארבעטער־באוועגונג, פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אונ ווייניקער אכט געלייגט אפ דער עצעמ רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. סאָפעקאָלסאָפ איז דאָכ דאָס אלצ א סאָנ אונ מיר וואָלטנ שוינ וועלנ האָבנ א קינסטלעריש בילד פונ דער עצעמ רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, מיט איר גאנצער גראנדיעזקײַט, מיט דער אויסערגעוויינלעכער טיפקײַט פונ פסיכאָלאָגישע ניואנסנ, וואָס זי גיט אירע אָנטיילנעמער, מיט איר גאנצער אינטערעסאנסער אונ פארכאפנדיקער געשפאנטקײַט. מיר וואָלטנ וועלנ סאָפעקאָלסאָפ שוינ האָבנ א קונסט־ווערק, ווו די רעוואָליוציע זאָל זײַנ דאָס דאָמינירנדיקע, ווו מע זאָל אונדז ווײַזנ די קאָלאָסאלע ווירקונג פונ דער רעוואָליוציע אפ דער סוויווע אונ ניט פארקערט. מיר מעגנ זיכ שוינ פארגינענ צו האָבנ אזא ווערק, ווו עס זאָלנ זיכ פאנאנדערוויקלענ ניט נאָר גראנדיעזע אונ פאבולהאפטע רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ, נאָר עס זאָלנ אוועקגעשטעלט ווערנ אינ זייער גאנצער גרויס די גראנדיעזע רעוואָליוציאָנערע פראָבלעמענ, דער גוואלדיק־רײַכער אידייענ־קאמפ, וואָס מיר האָבנ דורכגעלעבט. ווייניק פסיכאָלאָגישע טיפקײַט, ווייניק קינסטלערישע פארבנ קענ

מענ דענ שעפנ אינ דער גוואַלדיקער אַשירעס פונ לעבנ אונ איבערלעבונגענ, פונ געשעענישנ אונ סיטואַציעס אינ דער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע? וועלכע עפּאָכע קאָנ זיכ דענ באַרימענ מיט איר טיפער אינטערעסאַנטקייט אַנטקעגנ דער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע?

אונ טאַקע דערפאַר, ווײַל דער אַווטאָר האָט דעמ הויפּט־געוויכט געלייגט אַפ דער שוויוע, אַפ דעמ אַרומ, וווּ די רעוואָליוציע איז געבוירנ, אונ ניט אַפ דער עצעמ רעוואָליוציע האָבנ זיכ אייניקע בילדער פונ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפּ באַקומענ בלאַסע. ראַבינענ, לעמאָשל, האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ איבערצײַגנדיק צו שילדערנ פאַר אונדז דעמ קאַמפּ, וואָס איז פאָרגעקומענ צווישנ באָלשעוויזמ אונ בונדיזמ. די דיסקוסיע אינ וואַלד איז ניט דערהויבנ געוואָרנ ביז אַ קונסט־ווערק, וואָס זאָל אויפדעקנ די פּסיכאָלאָגישע ווירקונג, וועלכע עס מאַכט די טעאָרעטישע דיסקוסיע. די דיסקוסיע איז טעאָרעטיש ריכטיק, זי האָט גיט קיינ אָפּנויגנ, אָבער אינ איר פעלט דער קינסטלערישער „אונטערשלאַק“... דער דאָזיקער פעלער מערקט זיכ אינ ראַבינס פריערדיקע ווערק אויכ, אונ ער מוז אינ דער ווײַטערדיקער אַרבעט זײַנער פיל מער אַרבעטנ אַפ אַזעלכע מאָמענטנ, וווּ עס ווערט געגעבנ דער פּאַרטייִשער קאַמפּ.

פונ דעמ נעמט זיכ אויכ, וואָס דער רעוואָליוציאָנערער טיפּאַזש איז בא ראַבינענ אויסגעפּורעמט געוואָרנ ווײַט ניט מיט דער קינסטלערישער איבערצײַגונג, ווי דער איבעדיקער טיפּאַזש.

די איינציקע פיגור פונ דער רעוואָליוציאָנערער גרופּע, וואָס איז מער אויסגעהאַלטנ, איז דאָס יאַנ זשולאָווסקי. אָבער, ערשטנס, איז די פיגור נאָכ ווייניק באַוויזנ געוואָרנ, אונ, צווייטנס, זײַנענ די געוויינטע שטריכנ ניט באַזונדערס אָריגינעל. די איבעריקע רעוואָליוציאָנערע פיגורנ זײַנענ בא ראַבינענ געשילדערט געוואָרנ מער אויסערלעכ, איידער פּסיכאָלאָגיש. מאַקס ביזער וואָלט געקענט אָנגיינ פאַר יעדנ יעשיווע־באָכער, פונ וועלכנ עס פּיקט זיכ אַ ייִדישיסט. אַפילע אינ ניאָמקע דעמ בעקער איז קיינ אָריגינעלקייט פונ כאַראַקטער ניטאָ. ער איז נאַטירלעכער, פיל לעבעדיקער געגעבנ געוואָרנ, ווי די איבעדיקע. שוינ דער איינ פּסיכאָלאָגישער שטריכ, וואָס ראַבינ גיט אימ—די מוירע פאַרנ רוי, ווײַל דאָרט קענ פאַרשווונדנ ווערנ פונ אימ זײַנ לעצט ביסל בונדיזמ (ז. 83)—דאָס אַליינ ווײַזט, אַז ער האָט אָט דעמ ניאָמקענ דערפילט, אָבער אויסטיילנ אימ איז שווער. דאָס זעלבע איז מיט באָריסנ. עס איז ניט דער איסקראָוועצ, וואָס קענ איבערצײַגנ מאַסנ, וואָס קענ זיכ קעגנשטעלנ דער בונדישער נאַציאָנאַליסטישער דעמאַגאָגיע.

דאָס זײַנענ פעלערנ, וועלכע מע מוז אונטערשטרײַכנ, קעדיי אויפמערקזאַמ צו מאַכנ אַפ זיי דעמ אַווטאָר.

מיט דעמ נײַ־דערשינענעמ בוכ, מיט דער קינסטלערישער שילדערונג פונ טיפּאַזש, אינ דעמ רײַכנ איבערפלעכט פונ סיטואַציעס אונ געשעענישנ, אינ דער מאָלערישער קראַפט פונ דער איבערראַשנדיקער צאָל בילדער האָט ראַבינ דערוויזנ, אַז אויב ער וועט אַקשאָנעסדיק קעמפנ פאַר יעדער נײַער פּאָזיציע, ווי ער האָט דאָס געטאָנ אינ דעמ זעלביקנ בוכ, וועט ערווירקלעכ קענענ ווערנ איינער פונ די בעסטע יונגע פּראָזאיקער אונדזערע.

די רעדאקציע פון זשורנאל „שטערן“ דריקט אויס איר טיפן טרויער איבערן פלוצלינגדיקן טויט פונעם יידישן סאָוועטישן שרײַבער און דראמאטורג— מיטארבעטער פון זשורנאל „שטערן“

# אווראָם וועוויאָרקע

די רעדאקציע פון זשורנאל „שטערן“ טרויערט איבערן טויט פונעם רעדאקטער פון „ביראָבידזשאנער שטערן“, אקטיווע בויער פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט

# העניך קאזאקעוויטש

# אינהאלט-פארצייכעניש פונ זשורנאל „שטערנ“ פארנ 1935 יאָר

## בעלעטריסטיק

## פּאָליטישע אַרטיקלען, פּובליציסטיק, קריטיק און ביבליאָגראַפיע


מינסק
МЕНСК

## אינהאלט





פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, א. אָשעראָוויטש, אָ. בער, י. בראָנשטיינ, אי. כאריק,
מ. קולבאק, ל. ראָזענהויז.

באשטעלונג 8. דרוקעריי א. נ. סטאלינ—מינסק. גלאווליטבעל 4452

## ЗМЕСТ

136 פרײַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
# (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.